אליהו ליפינער


# אותיות דערציילן

## וואָר און לעגענדע אין דער געשיכטע פון יידישן אלף-בית




בוכהאַנדלונג מאזאיק סאַן פאולא

1941

„אותיות דערציילן"

— פון —

אליהו ליפינער

*ELIAS LIPINER*

# A HISTÓRIA DO ALFABETO HEBRAICO

(interpretação científica e lendária)

*com ilustrações de*

*LASAR SEGALL*

LIVRARIA "MOSAIK"

São Paulo — 1941 — Brasil

אליהו ליפינער

# אותיות דערציילן

וואָר און לעגענדע אין דער געשיכטע
פון יידישן אלף-בית

1941

בוכהאַנדלונג מאזאיק — סאן פאולא, בראזיל

די צייכענונגען: „רבי חנינא בן תרדיון" און
„אויפן פריפעטשיק ברענט א פייערל",
זײַנען געמאכט געווארן פאר דעם בוך פון
לאזאר סעגאל

# אַרײַנפֿיר

דאס צויבער-ווארט און די פיר
דרכים; דער פרדס און די פיר
אלייען. — דער מן און די תורה. —
די מילדע אותיות. — אותיות
פורחות. — לעגענדע און וואָר אין
דער געשיכטע פון יידישן אלף-בית.

פ ר ד ס אין העברעיש איז א בליענדיקער גאָרטן, אין וועלכן די ביימער זיינען באלאָדן מיט פירות — וואס זיינען זיס פארן גומען;

אין אַלעגאָריש־לעגענדאַרן זין באצייכנט דאס זעלבע וואָרט דעם מיסטעריעזן גאָרטן פון חכמה, אין וועלכן די ביימער זיינען באַלאָדן מיט פירות — וואס זיינען זיס פאר דער נשמה.

און דאס דאזיקע וואָרט זאל אין זיך פארשליסן אזא וווּנדערלעכע באַדייטונג, ווייל אין אים זיינען צונויפגענומען די ראשי־תיבות פון פיר געהייליקטע ווערטער: פשט, רמז, דרש און סוד; אזוי ווערן אָנגערופן די פיר דרכים פון דערקלערן די תורה, די פיר אלייען פון א גאָרטן דורך וועלכן עס זיינען עולה רגל וואַנדערער צו דעם אורקוואל פון משהיס לערע.

די בני־ישראל אין מדבר האבן קיין אנדערע שפייז ווי דעם מן ניט געהאט, און מיר אין גלות קיין אנדערע שפייז ווי די תורה; האבן זיי אינעם מן אלע טעמים פון דער וועלט געפילט, און מיר — אין דער תורה.

אירע אותיות זיינען מילדע; האבן זיי באשאָנקען די פסוקים מיט אן אויסטערלישער אייגנשאַפט: קאָנען צוגעפאסט ווערן צו די גייסטיקע צייט־באַדערפענישן און נייטן פונעם יחיד אדער פונעם כלל.

האָבן די טעג זיך געוויזן וואָכעדיקע און אָן שום באַגער, פלעגן מיר די תורה בדרך פשט פאַרטייטשן, אין אירע פסוקים נעפּעס אַנדערש אויסער דעם פשוטן, טרוקענעם טייטש ניט געפינען.

פלעגט אָבער אונזער נשמה לעכצן נאָך גליקלעכערע שעהין איי־דער די וואס מיר האָבן איבערגעלעבט, נאָך מילדערע געזיכטער איי־דער די וואָס האָבן אונז אַרומגערינגלט — האָבן די אותיות פון ספר זיך פּלוצים טויזנט־אויגיק צעוואונקען, טייטלענדיק אויף אַלעגאָרי־שע געשטאַלטן און זעונגען וואָס גייען אויף אין מרחקים, און ווינ־קען און רופן צו זיך; דאַן האָבן מיר די פסוקים פון דער תורה בדרך רמז דערקלערט, פון זיי דעם אַלעגאָריש־אַנדייטנדיקן טייטש אַרויס־געשיילט.

טיילמאָל פלעגן די צייט־געשעענישן צווינגען אונדז צ. טראַכטן צו געבן: נאָכוואָס תורה אָן מעשים? נאכוואס חכמה אָן מידות טובות? דען „דער וואָס זיין חכמה איז מערער ווי די גוטע מעשים וואָס ער טוט, איז צו א בוים מיט ווייניק וואָרצלען און פיל צווייגן גע גליכן — קומט א שטורם־ווינט און רייסט אים אַרויס פון אָרט". דער פשט מעטאָד קאָן מער ניט באַפרידיקן; אין דעם תורה־טעקסט מוז שטעקן א געוויסע מוסר־לערע, א מאָראַלישער מיין פאַר וועלכן די פסוקים זיינען ניט מער ווי אַן אָנשפּאַר. דאַן האָבן מיר די תורה בדרך דרש דערקלערט, פון איר דעם מאָראַליש־אַגדהישן טייטש אַרויס־געשיילט: שכר און עונש, עולם הזה און עולם הבא, גן עדן און גיהנום.

און צייטן זיינען געווען, ווען מיר זיינען פון אונדזער ערדישער נחלה פאַרטריבן געוואָרן, ווי געסט פון א סעודה צו וועלכער סיהאָט זיי קיינער ניט גערופן. האָבן מיר צו די סודותדיקע „עפּל־פעלדער" פון אונדזער הימלישער נחלה אַוועקגעוואַנדערט, כדי אינעם מיסטישן שאָטן פון זייערע ביימער די סעודה פון גולים אַפּצופּראַווען... דאַן

האָבן מיר די תורה בדרך סוד דערקלערט: דעם מיסטיש סימבאָלישן טייטש פון איר ארויסגעשיילט.

פשט, רמז, דרש און סוד. שלענגלט זיך א פרדס אין פיר אליי־ען ביז דעם אורקוואל פון משהיס לערע. איז ער פאר אונדזערע על־טערן דער מילדסטער פון אלע מקלטים געווען. ווען סיהאָט זיי דער בייזער צער פאַרפּאָלגט, זיינען זיי מחנותיוּוייז אהין אַנטלאָפן...

*

* *

ווען דער בייזער צער האָט אונדזערע עלטערן פאַרפאָלגט זיינען זיי מחנותיוּוייז אהין אנטלאָפן. דארט איז זייער לעצטער מקלט גע־ווען. דערפאר זיינען די טרויעריקסטע תקופות פון אונזער געשיכטע די — ווען אויך דער וועג אהין איז געווען פארשטעלט, ווען עס איז פארבאָטן געווארן דאס לערנען תורה.

און פון איינער אזא תקופה איז אונדז א לעגענדע פארבליבן:

...האָבן זיי — די רוימער — געטראָפן רבי חנינא בן תרדיון, מיט א ספר תורה אויף די הענט, דרשע־נען פאר א גרויסן עולם, און געמשפט אים פארברענט צו ווערן לעבעדיק.

האָבן זיי אים ארומגעוויקלט מיטן פארמעט פון זיין ספר, און אין א הויפן ברענענדיקע צווייגן אים אריינגעווארפן.

דערנאָך האָבן זיי נאַסע טיכער געבראכט, און אויף זיין ברוסט געלייגט, כדי צו פארלענגערן זיינע יסורים.

און זיין טאָכטער איז געשטאַנען דערביי און גע־קלאָגט:

— ווי איז מיר, פאָטער, דיך אזוי צו זען!

האָט ער איר געענטפערט:

— עס וואָלט מיר שווער געווען, טאָכטער מיינע, ווען איך זאל פארברענט ווערן אליין, אָבער איצט ווען א ספר תורה איז מיט מיר — דער וואס וועט זיך אָנ־נעמען פאר דער באַליידיקונג פון דער תורה, וועט זיך אָננעמען אויך מיין קריוודע!

און ווען עס איז געקומען די הייליקע רגע פון יציאת נשמה האבן זיך די ווייטיקלעך־דערשטוינטע אויגן פון רביין פלוצים פארקוקט ערגעצוווּ אין דער הויך.

זיינען זיינע תלמידים צוגעלאָפן צום פייער און געשריגן:

— זיי אונדז מגלה, רבי, וואס זעען דאָרט זיינע אויגן!

האָט ער זיי געענטפערט:

— דער פאַרמעט פון ספר ווערט פארברענט, אבער די אותיות שוועבן ארום אין דער הויך!...

*

* *

„דער פארמעט פון ספר ווערט פארברענט, אבער די אותיות שוועבן ארום אין דער הויך" —- ווייל יעדעס אות איז אן אייביקער יסוד וואס לאזט זיך ניט צעשטערן.

עס זיינען פאראן שטאָפן, לערנט אונדז די כעמיע, וואס ווערן ניט באַזיגט אין צייט און אין רוים, אין פייער און אין וואסער — די איידל־מעטאלן; עס זיינען פאראן כתב צייכנס, לערנט אונדז די געשיכטע, וואס זיינען מיט די זעלבע סגולות באשאָנקען — די יידי־שע אותיות:

אין לויף פון די צייטן, און אין די פארשידנסטע ווינקלען פון ערד־קיילעך האט מען זיי אויסגעהאקט אין שטיין, געמאָלן אויף פעל, געצייכנט אויף פאפירוס, געקריצט אויף ליימענע טאָוולען, געשריבן אויף פארמעט און געדרוקט אויף פאפיר;

און זייערע פיגורן זיינען, אין משך פון דורות, ניט פארווישט געוואָרן אונטערן לאסט פון די ארכעאָלאָגישע ערד־שיכטן; ניט פון דעם בלוט וואס איז איבער זיי אויף צעריסענע שטיקער פארמעט גערונען אויס די פרישע וואונדן פון קדושים; ניט פון דעם חלב וואס האָט איבער זיי, אין פארגעלטע ספרים, בערגווייז געטריפט פון צאנקענדיקע ליכט; און אפילו ניט פון די טרערן וואס אַן אָרעם יינגל האָט איבער זיי אין רבינ׳ס סידור פארגאָסן, אין א קאַלטן ווינטערדיקן טאָג, ווען אויף זיין מאַמעס פריפעטשיק האָט קיין פייערל ניט געברענט...

אותיות וואס האָבן הינטער זיך אזאַ עבר, רעגן אָן די מחשבה פון געלערנטע און דערוועקן אין פאלקס־דמיון כלערליי פאנטאסטישע באהויפטונגען. האָבן טרוקענע שיטות זיך געמערט און זאפטיקע לעגענדעס זיינען אויפגעגאנגען אין דער געשיכטע פון יידישן כתב. וווּ די מחשבה פאלט חלשות קומט א לעגענדע און דערקוויקט, און וווּ די לעגענדע וואקלט זיך לויפט הינטער די מחשבה און קרעפטיקט.

אזוי איז אנטשטאַנען די געשיכטע פון יידישן אלף בית: וואָר און לעגענדע האבן זיך אָנגענומען ביי די הענט און אוועקגעוואַנדערט זוכן דעם סוד פון זיין קיום. לאָמיר זיי נאָכגיין.



קאפיטל איינס

# דער בראשית פון כתב

דער „הבה-נתחכמה" פון פרימיטיוון מענטשן. — אורשפרונג פון שריפט. — בילדער- טראף- און קלאַנג-צושטאַנד. — דערפינדונג פון אלף-בית. — שריפט, די שפראך פון דורות; אותיות, די שאָטנס פון קלאנג.

אָמיר צוריקוואנדערן צו די ווייטע נעפלדיקע טעג, ווען דאס כתב איז נאָך אויף דער ערד ניט געווען:

דער פרימיטיווער מענטש איז פול מיט בענקענישן און פארלאנגען. ער גלוסט עפעס צו דערציילן די, פון וועמען עס טיילן אים אפ ווייטע שטחים, און די וואס וועלן לעבן ווען ער וועט שוין מער ניט זיין; האָט ער דערצו נאָר איין מיטל — דאָס קול.

אָבער דאס קול וויל ניט פאָלגן קיין צו וויטן גאַנג, און דער מענטש הויבט אָן באגרייפן די סיבה: רוים און צייט, צוויי מיסטעריעזע מכשולים שטייען אים אין וועג.

סודות'דיק איז דער רוים — א בייזער לייב וואס ליגט איינגעדרימלט איבער ריזיקע שטחים, און געהיימנישפול איז די צייט — א פליסנדיקער טייך וואָס קיינער קאָן ניט אריבער-שווימען. אָבער מעכטיקער פון זיי ביידע איז די איינגעבוי-רענע גלוסטונג צו דערציילן, און דער מענטש מאַכט אַלערליי הבה-נתחכמה'דיקע פרווון די מיסטעריעזע מכשולים איבער-צוקליגן.

דאס כתב איז דער ערשטער פרווו וואס איז אים געלונגען.

---

דער היסטאָרישער אמת וועגן אורשפרונג פון כתב פאר־לירט זיך אינעם חושך פון די צייטן. מען איז זייער מחולק אי־בער דער פראגע ווו, ווען און וויאזוי עס האָט אויפגעשפראצט. דאס, און אויך די באשרענקטע באנוצונג פון דער מלאכת־הכתיבה אין אלטע צייטן, דורך א קליינצאָליקער קאסטע פון גייסטלעכע, האָט גורם געווען, אז ביי דער גרעסטער צאָל פעל־קער זאָלן אויפקומען לעגענדעס, לויט וועלכע די מערקוויר־דיקסטע קונסט פון אלע צייטן איז א געשאנק וואס די געטער אליין האָבן באוויליקט דעם מענטשן.

אזעלכע לעגענדעס זיינען שכיח אויך אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. צווישן די צען זאכן וואָס זיינען באַ־שאַפן געוואָרן אין בין־השמשות פון זעקסטן טאָג, רעכנט דער תלמוד אריין די שרייב־קונסט. דאס יצירה־ווערק האָט, ווייזט אויס, ניט געקאָנט באַטראַכט ווערן אלס פולקאָם איידער די דאָזיקע כשוף־צייכנס האָבן באַקומען זייער פּלאַץ אין דער ניי־באשאפענער קאָסמישער ארדנונג. די קבלה־ספרים גייען נאָך ווייטער אין דעם פרט. לויט זיי האבן די אותיות עקזיס־טירט נאָך איידער דער כאָאָס איז געפורעמט געוואָרן. נאָכ־מער: די אותיות האבן, א דאנק די מיסטישע סגולות מיט וועל־כע זיי זיינען געווען באשאָנקען, געשפילט א באדייטיקע ראָל אין דער בראשית־יצירה.

*

די ווארצלען פון פיל קונסטן און וויסנשאפטן טרעפן מיר א סך מאָל אין די רעליגיעזע זוכענישן פון די פרימיטיווע מענטשן. אזוי, האָט זיך די אסטראנאָמיע ארויסגעשיילט פון דער אסטראָלאָגיע, די כעמיע פון דער אלכעמיע, די פילאָזאָפיע פון דער רעליגיע אד״גל. דעריבער פעלן ניט קיין שפורן פון

די איבנדערמאָנטע לעגענדעס, וועגן געטלעכן אורשפּרונג פון די אותיות, אויך אין די מאָדערנע טעאָריעס וואס זוכן צו דער־קלערן די אנטשטייאונג פון דער שרייב־קונסט. דאס זיינען די סימבאָליסטישע טעאָריעס וועגן אפּשטאַם פון אלף־בית, וועל־כע וועלן דערמאָנט ווערן אין קומענדיקן קאפּיטל.

צו דעם קלאַס קאָן אויך צוגערעכנט ווערן די השערה, לויט וועלכער דער העברעישער אלף־בית און אויך די אזוי־גערופענע "אראבישע" ציפערן זאלן אָפּשטאַמען פון א קרייז, ווייל די דאָזיקע אויסטערלישע געאָמעטרישע פיגור האָט ניט




ווי אזוי די „אראבישע" ציפערן האבן זיך
ארויסגעוויקלט פונעם קרייז.

קיין אָנהויב און האָט ניט קיין סוף, און זאל דעריבער געווען דינען, אין אַלטע צייטן, אלס סימבאָלישע באצייכענונג פאר דער געטלעכער אנהייבלאָזיקייט און ענדלאָזיקייט.

*

ביים דערקלערן דעם אורשפּרונג פון דער שריפט־קונסט, קאָנען מיר זיך שטיצן בלויז אויף אַבסטראַקטע השערות; דא־קעגן אבער, זיינען אונדז געבליבן קאָנקרעטע אָנדייטן וועגן די פארשידענע אנטוויקלונגס־שטופן פון דער זעלבער קונסט.

## בילדער-שריפט

די נטיה פארצושטעלן זאכן מיט דער הילף פון בילדער איז געמיינזאם ביי אלע פרימיטיווע מענטשן. דערויף זאגן עדות מגושם'דיקע צייכענונגען פון קעגנשטאנדן, וואס מען האט אנגעטראפן אויף די ווענט פון היילן, בשעת אויסגראבונגען אין פארשידענע ערטער. און די דאזיקע געמעלן זיינען אויך א קאנקרעטער אנדייט אויף די ערשטע טריט פון מענטשלעכן כתב, וואס זיינען אומעטום געווען די זעלבע: א גראב-געצייכנט בילד פון אן אקס, שטעלט פאר דאס וואָרט אקס; א גראב-געצייכנט בילד פון דער זון, שטעלט פאר דאס וואָרט זון, אד"גל.

אָבער מאנגל אין פאסיקע צייכן-מכשירים, און ניט געניטקייט פון שרייבער, האבן מיט דער צייט גורם געווען אז די בילדער זאלן פאראיינפאכט ווערן. האט מען אָנגעהויבן פארבייטן דעם גאנצן קעגנשטאנד אויף זיין וועזנטלעכן טייל. די אָקס - פיגור למשל, איז פארביטן אויף דער איינפאכער צייכענונג פון א קאָפּ מיט הערנער.

די דאזיקע פאראיינפאכונג ווידער, האָט אויך געדינט אלס אויסגאנגס-פונקט ביים באזייטיקן אן אנדערע גרויסע שוועריקייט אָן וועלכער עס האָט זיך אָנגעשלאָגן די בילדער-שריפט, ביים באצייכענען אבסטראַקטע אידייען:

כדי אָנצוצייכענען א קאָנקרעטן באַגריף, מאָלט מען אָפּ זיינע נאַטירלעכע ליניעס. ווי זאל מען, אָבער, אָנצייכענען אן אַבסטראַקטן באגריף וואס זיינע ליניעס לאזן זיך ניט אפמאָלן? וועלכע פיגורן קאָנען דינען צו באצייכענען די ווערטער: ליכט, מלכות, געפאר, און אנדערע פון דעם מין?

דער מענטש האָט דאן אָנגעהויבן פארגלייכן: אויב א כאַראקטעריסטישער טייל קאָן דינען אלס סימבאָל פאר א גאנצן קעגנשטאַנד, איז דאָך אויך מעגלעך אז א פאסיקע קאָנקרעטע צייכענונג זאָל סימבאָליזירן אן אבסטראַקטן באַגריף. א קאָנקרעטער ג ו ר ם, למשל, קאן סימבאָליזירן זיין כאראקטעריסטישן אבסטראקטן ע פ ע ק ט.

א געוויסע צאָל בילדער פונעם כתב האבן דאן, אין באַשטימטע פאלן, אָנגעהויבן פארלירן זייער פשוטן ווערט, און זיינען געווארן ס י מ ב אָ ל ן: די זון (קאָנקרעטער גורם) סימבאָליזירט דאס ל י כ ט (כאראקטעריסטישער עפעקט), דער אפגרונט — די ג ע פ א ר, די קעניג־רוט — דעם באגריף מ ל כ ו ת, אד״גל.

דאס פרימיטיווע מענטשלעכע כתב, ווי מיר זעען, איז באַשטאַנען פון א סכום א י ד ע א ג ר א מ ע ן, ד״ה: שריפט־צייכנס וואס זענען איבער אין נאטירלעכע אדער סימבאליש׳ע ליניעס דעם באגריף פון געגעבענעם ווארט.

אינעם דאָזיקן צושטאַנד ווערט די שרייב־קונסט אָנגערופן א י ד ע א ג ר א פ י ש ע. זי האָט שוין געמאכט געוואלדיקע טריט פאַרויס, אבער איז נאָך אַלץ געבליבן אומפאסיק פאר א ברייטערן באַנוץ. און דער מענטש האָט אָנגעהויבן זוכן מיטלען ווי אזוי פארצוזעצן איר פאראייפאכונג.

*

* *

קלאָרע אָנדייטן וועגן וויטערדיקן אנטוויקלונגס־גאַנג פון מענטשלעכן כתב, זיינען די פאראייפאכונגס־מדרגות פון דער היעראָגליפן־שריפט אין מצרים. די דאזיקע אידעאָגראַפישע שריפט האָט זיך דאָרט צעצווייגט אין ה י ע ר א ט י ש ע ר

(גלהים-שריפט) און ד ע מ אָ ט י ש ע ר (פאָלקס-שריפט).

דאס היעראטישע כתב איז געווען א פאראיינפאכטע ביל-דער שריפט און איז גענוצט געווארן ביים שרייבן רעליגיעזע שריפטן.

דאָס דעמאָטישע כתב, וואס איז געווען א פאראיינפאכונג פונעם היעראטישן, איז ברייט גענוצט געוואָרן צווישן פאָלק; און צוליב דעם ברייטן באנוץ זיינען אין דאָזיקן כתב שוין פאר-בליבן בלויז שטריכן און רמזים פון די באטרעפנדיקע בילדער.

## טראַפּ-שריפט

פיר הויפט מדרגות פון אנטוויקלונג האט שוין דורכגע-מאכט די בילדער-שריפט:

א. די פיגור שטעלט פאר דאס ווארט;

ב. א כאראקטעריסטישער טייל פארבייט די גאנצע פיגור;

ג. דער קאָנקרעטער גורם פארבייט זיין אבסטראקטן עפעקט;

ד. א כאראקטעריסטישער שטריך פארבייט די פיגור.

די בילדער פון אלטן כתב זיינען שוין באדייטנדיק פאר-איינפאכט; אָבער די דאזיקע פאראיינפאכונג האָט באַזייטיקט כמעט אויסשליסלעך טעכנישע אומבאקוועמלעכקייטן. כדי צו קאָנען פיקסירן שריפטלעך אַלע מענטשלעכע געדאנקען זיינען נאָך געבליבן פיל שוועריקייטן צו באזייטיקן.

די בילדער-שריפט איז, למשל, געבליבן אומבאהאָלפן צו באצייכענען די פארשידענע גראמאטישע בייגונגס-פאָרמען. עס איז אויך פאראן א גרעסערע צאָל ווערטער וואס זייערע

באַגריפן זיינען ניט פאַרבונדן מיט בילדער אָדער סימבאָלישע פיגורן, און קאָנען, אַזוי אַרום, דורך אַזעלכע ניט באַצייכנט ווערן. דאָס האָט אַ שטויס געטאָן דערצו, אַז מען זאָל זוכן אַ מיטל וואָס זאָל דערמעגלעכן צו באַצייכענען דעם ק ל אַ נ ג פון אַזעלכע ווערטער אָדער גראַמאַטיקאַלישע בייגונגען.

און אַנאַליזירנדיק די אַרויסגערעדטע ווערטער, האָט דער מענטש באַמערקט, אַז זיי קאָנען צעלייגט ווערן אויף טראַפּן: איינצעלנע עלעמענטן וואָס יעדער איינער פון זיי לאָזט זיך פריי אַרויסריידן באַזונדער. מען האָט אויך באַמערקט, אַז אַ גרויסע צאָל פון די טראַפּן בילדן גלייכצייטיק ווערטער פאַר זיך, און זיי וואָלטן, אַזוי אַרום, געקאָנט באַצייכנט ווערן דורך אַ באַזונדערע פיגור, ווי למשל אין יידיש, דער טראַף "הונ־" פונעם וואָרט ה ו נ ד ע ר ט דורך דער פיגור פון אַ ה ו ן, די טראַפּן פ י־ און ־ש ע ר פונעם וואָרט פ י ש ע ר דורך דער פיגור פון פ י און ש ע ר, אד"גל.

ווען מען האָט די דאָזיקע וווּנדערלעכע אַנטדעקונג אָנגעהויבן אָנצווענדן ביים שרייבן, איז די אידעאָגראַפישע שריפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ט ר אַ ף־ש ר י פ ט, אין וועלכער די ווערטער וואָס לאָזן זיך, ווערן צעלייגט אויף זייערע טראַפּן און עס ווערט צוגעפּאַסט אַ פיגור פאַר יעדן טראַף.

די פיגורן וואָס באַצייכענען די טראַפּן זיינען שוין מער ניט קיין אידעאָגראַמען, נאָר ק ל אַ נ ג־צ יי כ נ ס; זיי גיבן שוין מער ניט איבער די אידעע פון אַ וואָרט נאָר זיין קלאַנג: ווען מיר ווילן, אין דער טראַף־שריפט, אָנשרייבן דאָס וואָרט פישער, צעלייגן מיר עס אויף זיינע צוויי טראַפּן פ י־ און ־ש ע ר און צייכענען אָן די באַטרעפנדיקע פיגורן. אָבער

די דאָזיקע פיגורן דערמאָנען אונדז שוין ניט מער, ווי אין דער אידעאָגראַפישער שריפט, אין די פי פונעם פאסטוך און אין דער ש ע ר פונעם שניידער, נאר אין א מאן וואס פאנגט פיש. מיר האָבן אין דעם פאל באנוצט נאָר די קלאַנגען אין וועלכע די פיגורן דערמאָנען, אָבער ניט די באַגריפן וואס זיינען מיט זיי פארבונדן. דאס פארוואנדלט די שריפט אין א מער בייגעוודיקן אינסטרומענט, און פון דאנען איז שוין נאָר איין שפּאַן צו אנטדעקן דעם פרינציפ פון די קלאַנג־אלפאבעטן וואָס ווערן גענוצט ביזן היינטיקן טאָג.

די פלעקל־שריפט וואס מען האָט א לאנגע צייט גענוצט אין בבל און אין די שכנותדיקע לענדער, איז א טראַף־שריפט,



די נעמען פון פיר יידישע מלכים געשריבן אין דער פלעקל שריפט.

פון אויבן אראָפּ: יהוא, עמרי, מנחם, חזקיהו.

און די צייכנס וואס בילדן זי זיינען ניט מער ווי פאראיינפאכטע היעראגליפישע בילדער, וואס מיט דער צייט זיינען פארווישט געוואָרן אפילו זייערע שפורן.

א קלאָרן באגריף וועגן דעם ווי אזוי עס האָט אויסגעזען די טראַף־שריפט קאָנען מיר באקומען פון די רעבוסן וואס זיינען פארעפנטלעכט ספעציעל אין קינדער־זשורנאלן. דאס זיינען בילד־רעטענישן צוזאמענגעשטעלט פון אזעלכע מינים פיגורן

וואס די ווערטער מיט וועלכע זיי ווערן באצייכנט אין דער גע־רעדטער שפראך, קלינגען ענלעך צו די ווערטער וועלכע דארפן בילדן דעם באטרעפנדיקן פתרון.

## קלאנג־שריפט

מיר האבן אויבן געזען, אז די אנטדעקונג פון דער טראף־שריפט האט זיך מערסטנטייל געשטיצט דערויף, וואס פיל ווערטער זיינען צוזאמענגעשטעלט פון טראפן וועלכע בילדן אומאפהענגיקע ווערטער פאר זיך, און וואלטן דערפאר געקאנט באצייכנט ווערן מיט באזונדערע סימנים. עס איז אבער פאראן א פיל גרעסערע צאל ווערטער וואס זייערע טראפן באזיצן ניט די דאזיקע באקוועמע אייגנשאפט. און די שווועריקייט אן וועלכער דער מענטש האט זיך אנגעשלאגן ווען ער האט אזעל־כע ווערטער געדארפט באצייכענען, האט אים געטריבן צו דער אנטדעקונג פונעם קלאנג־שריפט.

דער פרינציפ פונעם קלאנג־שריפט, וואס דינט אלס יסוד פאר אלע מאדערנע אלפאבעטן, איז אנטדעקט געווארן אין דער גליקלעכער שעה, ווען עמעצן איז איינגעפאלן, אז אויך די טראפן פון א ווארט קאנען נאך צעלייגט ווערן אויף איינצלנע עלעמענטן וואס זיינען ניט עפעס אנדערש ווי ק ל א נ ג ע ן. איצט פעלט נאר איין זאך: אויסגעפינען די פאסיקע צייכנס מיט וועלכע די קלאנגען צו באצייכענען, אויסגעפינען די א ו ת י ו ת.

און כדי צו דערגרייכן דעם דאזיקן צוועק, האבן די עגיפ־טישע שרייבער באשטימט, אז מען זאל נוצן נאר די ע ר ש ט ע ק ל א נ ג ע ן פון די איינטראפיקע און אפילו פיל טרא־פיקע ווערטער, כדי מיט זיי צו באצייכענען די א י י נ־

צ ע ל נ ע   ק ל אַ נ ג ע ן פון וועלכע  עס איז געבילדעט דאס געגעבענע וואָרט.

א ביישפיל אין יידיש: ווען מיר וועלן אָנצייכענען, למשל, די פיגור פון א בעט, וועט זי מער ניט דערמאָנען, אזוי ווי אין דער אידעאגראפישער שריפט, דאס בעט אין וועלכן מיר רוען, און ניט ווי אין דער טראַף־שריפט, דעם טראַף ב ע ט־ פון די ווערטער: גע־בעט־ן, אר־בעט־ער, אד"גל, נאר אין דעם ע ר ש ט ן  קלאַנג "ב", מיט וועלכן עס הויבט זיך אָן דאס וואָרט וואָס באצייכנט זי. די פיגור פון גארטן וועט אין דעם קלאַנגשריפט דינען צו באצייכענען דעם קלאַנג „ג"; די פיגור פון דעלפין וועט דינען צו באצייכענען דעם קלאַנג „ד"; די פי־גור פון האַמער — דעם קלאַנג „ה"; די פיגור פון טיש — דעם קלאַנג „ט", אד"גל.

מען דארף ניט מיינען, אז ווען די שריפט איז געקומען צו דער דאָזיקער מדרגה האָט מען, כדי אָנצושרייבן דאָס וואָרט ג אָ ט, למשל, געדארפט אָנמאָלן אויף דער פאפירוס־מגילה די פרטים'דיקע בילדער פון א גאָרטן (ג), פון אַן אָקס (אָ) און פון א טיש (ט). מען דארף געדענקען,אז אין דעם פעריאָד פון דער שריפט־געשיכטע, וועלכן מיר באהאנדלען איצט זיינען די שריפט־צייכנס באַשטאַנען בלויז פון ווייטע רמזים פון די באַ־טרעפנדיקע פיגורן, און זיי זיינען שוין געווען גאנץ ענלעך צו די אותיות פון אונדזערע מאָדערנע אלפאבעטן.

איין גרויסע אומבאַקוועמלעכקייט אבער, איז נאָך יא געווען: אויב אויף צו באצייכענען א געוויסן קלאַנג דארף מען באַנוצן די פיגור פון א וואָרט וואָס הויבט זיך מיט אים אָן, זיינען דאָך פאַראַן א גרויסע צאָל פיגורן, אדער רמזים פון פי־גורן, וועמענס באַטרעפנדיקע ווערטער הויבן זיך אָן מיט דעם

זעלבן קלאַנג. ווען מיר ווילן, למשל, פיקסירן שריפטלעך דעם קלאַנג „ב״, קאָן אונדז צו דעם צוועק דינען די פיגור מיט וועלכער עס ווערט באַצייכנט דאס ווארט ב ע ט, פונקט אזוי ווי די פיגורן מיט וועלכע עס ווערן באַצייכנט די ווערטער: ב י ן, ב ו י ם, ב ו ך, און אן אומגעהויער גרויסע צאָל אַנדערע.

איינפן אָרט פון צוויי און צוואנציק שריפט־סימנים, וואס זיינען נויטיק צו באַצייכענען די צוויי און צוואנציק גרונט־קלאַנגען פון דער געריידטער שפראך, האָבן מיר, אזוי ארום, אַן א צאָל סימנים פאר יעדן קלאַנג באַזונדער. דאס איז געווען די איינציקע שטערונג וואס האָט נאָך געדארפט באַזייטיקט ווערן כדי די היעראָגליפן־שריפט זאָל פארוואנדלט ווערן אין א ריינעם קלאַנג־אַלפאַבעט. אבער דעם לעצטן און וויכטיקסטן איינפטו האָט די געשיכטע ניט צוגעטיילט דער עגיפטישער קולטור, וועלכע האט שוין אָנגעהויבן מאַכן די ערשטע טריט פון איר בארג־אראָפּ. ביז אין די לעצטע יארן פון דער פאר־קריסטלעכער תקופה איז די שריפט וואס מען האָט גענוצט אין עגיפטן געבליבן א כאאָטישע קאָמבינאציע פון בילדער, אידעאָגראמען, טראף־פיגורן און קלאַנג־צייכנס, וואס האבן זיך אזוי גרינג ניט געלאָזט דעשיפרירן.

דעם כבוד פון מאכן דעם לעצטן רעוואָלוציאָנערן טריט אין דער שרייב־קונסט, האָט די געשיכטע צוגעטיילט דער סעמיטן־משפחה, וועלכע האָט באַנוצט קלאנג־אלפאבעטן שוין א סך יאָרהונדערטער פארן אָנהויב פון דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג.

עס איז אין אלגעמיין אָנגענומען די השערה אז דאס פע־ניקישע פאָלק האָט, א דאנק זיין קלאסיש־בארימטער קאָמער־

ציעלער פראקטי־שקייט, דערפונדן דעם ערשטן קלאַנג־אלפא־בעט פון צוויי און צוואנציק צייכנס, כאָטש זיך שטיצנדיק אויף נייערע אויסגראבונגען וואס זיינען געמאכט געווארן, קאן מען באהויפטן אז אן אַנדערן סעמיטישן שבט, ווארשיינלעך פונעם עברים־פאָלק, האבן מיר צו פארדאנקען די וואונדערלעכ־סטע פון אלע המצאות.

יעדנפאלס איז זיכער, אז די פעניקיער האָבן, במשך זיי־ערע באריםטע און צאָלרייכע האנדלס־רייזעס געהאָלפן פאר־שפרייטן די אלף־בית־דערפינדונג אין די פארשידנסטע און ווייטסטע פונקטן וווּ זייערע שיפן אדער קאראוואנען האָבן דערגרייכט. די פעניקישע שריפט־סימנים האָבן אין די פאר־שידענע ערטער ווו זיי זיינען געבראכט געווארן דורכגעמאכט כלערליי ענדערונגען, אנגענומען פארשידנארטיקע צורות, און אזוי זיינען בהדרגה'דיק אנטשטאנען אלע קלאנג־אלפאבעטן וואָס ווערן ביזן היינטיקן טאג גענוצט אין די פארוואָרפנסטע ווינקלען פון דער ערד.

*

* *

דאס איז די באשרייבונג פון די אותיות — די וואונדערלע־כע כשוף־צייכנס וואס האבן דערמעגלעכט אז עס זאל אָנגע־הויבן און ווייטער געצויגן ווערן דער פאדעם פון אוניווערסא־לער געשיכטע, ווייל דורך זיי ריידן צו אונדז די טויזנטער דו־רות וואס זיינען שוין פארגאנגען אינעם מיסטעריעז־שווייגנ־דיקן מערב פון די צייטן. און זיי וועלן זיין די קלאַנג־שאָטנס פון דער שטילער שפראך מיט וועלכער מיר וועלן ריידן צו די, וואס וועלן אויפגיין נאך אונדז.

---

קאפיטל צוויי

# דער העברעישער אלף־בית

זיין אנטשטייאונג און אנטוויקלונג.
— עוואלוציאניסטישע השערות. —
נעמען פון די אותיות. — כתב
אשורי און כתב רעץ. —
סימבאליסטישע השערות.

כדי צו דערקלערן די אנטשטייאונג פון העברעישן אלף-בית, דארפן מיר זיך אומקערן צו דעם פעריאָד אין דער געשיכטע פון כתב, ווען פונעם עגיפטישן היעראָגליפן-כאָאָס האבן זיך שוין אָנגעהויבן ארויסשיילן באשטימטע פיגורן אלס קלאנג-צייכנס.

ווי אזוי איז פארגעקומען דער דאזיקער פראָצעס, וואס האָט גורם געווען דעם אויפקום פון אלע סעמיטישע און ניט סעמיטישע אלפאבעטן?

די אלערליי השערות וואס זיינען ארויסגעזאָגט געווארן מיטן צוועק די פראגע צו פארענטפערן, וועל איך צוליב באקוועמלעכקייט און אויף א קאָנווענציאָנעלן אופן איינטיילן אין צוויי הויפט-קלאַסן: ע וו אָ ל ו צ י אָ נ י ס ט י ש ע און ס י מ ב אָ ל י ס ט י ש ע, און איך וועל אָנרופן עוואָלוציאָניסטן און סימבאָליסטן די אנטשפרעכנדיקע אָנהענגער.

לויט די עוואָלוציאָניסטישע השערות איז אונדזער היינטיקער קלאנג-אלפאבעט ניט מער ווי די לעצטע אנטוויקלונגס-מדרגה פון דער עגיפטישער אדער אן אנדערער בילדער-שריפט וואס מ'האָט גענוצט אין אלטע צייטן. לויט די סימבאליסטישע השערות, אבער, זיינען די היינטיקע אותיות פון אונדזער אלף-

בית ניט בלויז איינפאכע קלאנג-סימנים, נאר גלייכצייטיק אויך סימבאָלישע צייכנס אויף וועלכע עס רוט נאך דער מיס-טעריעזער שאָטן פון זייערע אמאָליקע אורשפרינגלעכע ביל-דער.

ביידע קלאסן השערות האבן צווישן זייערע אנהענגער יידישע און ניט-יידישע געלערנטע.

## די עוואלוציאניסטישע השערות

די ניט-יידישע עוואלוציאָניסטן באהויפטן, אז דער ערש-טער אלף-בית וואס האָט זיך ארויסגעשיילט פון די עגיפטישע היעראָגליפן איז געווען דער פעניקישער.

די אותיות פונעם אלטן העברעישן כתב זיינען כמעט די זעלבע וואס אין פעניקישן, ווייל ביידע פעלקער האבן געלעבט בשכנות, און זייערע שפראכן זיינען געווען זייער ענלעך צווישן זיך. דערפאר באהויפטן די דערמאָנטע פארשער, אז דער גע-מיינזאמער אפשטאַם פון ביידע אלף-בית'ן איז פארגעקומען אויף פאָלגנדיקן אופן:

די פעניקיער האָבן זיך צווישן דער גרויסער צאל עגיפטי-שע היעראָגליפן אויסגעקליבן צוויי און צוואנציק אזעלכע פי-גורן, וואָס די ווערטער מיט וועלכע זיי ווערן באצייכנט אין דער פ ע נ י ק י ש ע ר שפראך, הייבן זיך אָן מיט די צוויי און צוואנציק גרונט-קלאנגען פונעם מענטשלעכן לשון. די דא-זיקע בילדער זיינען מיט דער צייט פאראיינפאכט געווארן, קוים צו דערקענען זייערע שפורן, און זיינען געווארן די צוויי און צוואנציק קלאַנג-צייכנס פונעם פעניקישן כתב.

דאס אורשפרינגלעכע בילד פונעם פעניקישן קלאַנג-צייכן

"א", למשל, איז א רינד־פיגור פון די עגיפטישע היעראגליפן, ווייל דאס ווארט אלף, דער פעניקישער נאָמען פון רינד, הויבט זיך אָן מיטן קלאַנג „א".

לויט דער ערשט־דערמאָנטער השערה, קומט אייס, אז די אורשפרינגלעכע בילדער פון די פעניקיש־העברעישע אותיות דארף מען זוכן אין דער עגיפטישער בילדער־שריפט.

די גרעסטע טייל יידישע עוואלוציאָניסטן, אבער, זיינען ביי דער מיינונג, אז די אותיות פונעם פעניקיש־העברעישן כתב און פון דעם שפּעטערדיקן כתב־אשורי, שטאַמען אפּ די־רעקט פון אָ ר י ג י נ ע ל ע פיגורן, וואס זייער פרימיטי־ווער אויסזען איז גאנץ דייטלעך אָנגעוויזן אינעם נאָמען פון יעדן אות; דאס הייסט: דער געוויינטלעכער באטייט פונעם ווארט מיט וועלכן אן אות ווערט אָנגערופן, זאָגט עדות אויף דער פרימיטיווער און אָ ר י ג י נ ע ל ע ר (ניט עגיפּטי־שער) פיגור פון וועלכער דאס אות האט זיך אנטוויקלט.

די פאָלגנדיקע טאבעלע וועלכע באַשטייט פון די נעמען פון אלע יידישע אותיות און זייערע באטרעפנדיקע באטייטן, וועט באווייזן פון וועלכע עגיפטישע (לויט די ניט־יידישע עוואָלו־ציאָניסטן) אדער אריגינעלע (לויט די יידישע עוואָלוציאָ־ניסטן) בילדער די העברעישע אותיות שטאַמען אָפּ.

| נאמען פון אות | דאס העברעישע אדער ארמישע ווארט פון וועלכן דער נאָמען פון אות שטאַמט אָפּ, און דער אַנטשפּרעכנדיקער באַטייט. |
|---|---|
| אלף | אלף — רינד־(קאָפּ) |
| בית | בית — הויז |
| גימל | גמל — קעמל (־רוקן) |
| דלת | דלת — טיר (־פליגל) |
| הא | ? — פאַרגראַטעמט פענסטער? |
| וו | וו — האַקן |
| זין | זין (זית?) — שווערד (איילבוים?) |
| ח׳ית | ? — צוים? גאַרטל? |
| ט׳ית | ? — =ת? שלאַנג? |
| יוד | יד — (האַלבגעשלאָסענע־) האַנט |
| כף | כף — האַנט־פלאַך |
| למד | מלמד — טרייב־שטעקן פאַר אָקסן |
| מים | מים — וואַסער |
| נון | נונא — פיש (ארמיש), שלאַנג? |
| סמך | ? — שלאַנג? |
| עין | עין — אויג |
| פּא | פה — מויל |
| צדי | צעד? — לייטער? |
| קוף | קופא? — שטאַנג? |
| ריש | ראש — קאָפּ |
| שין | שן — צאָן |
| תיו | תו — מערק־צייכן, (קרייץ) |

די השערה וואָס ווערט אילוסטרירט און דערקלערט אין דער דאָזיקער טאַבעלע, שטיצט זיך גיכער אויפן אַלטן העב־

רעֵישן כתב, וואס איז באקאַנט אין תלמוד אונטערן נאָמען כ ת ב ־ ר ע ץ, איידער אויף די פירקאנטיקע אותיות פונעם נייערן כ ת ב  מ ר ו ב ע  אדער  כ ת ב  א ש ו ר י וואס מיר נוצן ביזן ה י י נ ט י ק ן טאָג, און וואס איז מער אַנטוויקלט, מער דייטלעך און מער דעפינירט אין זיינע הויפּט־ליניעס, ווי דאס אלטע.

ס'איז ווירקלעך פיל גרינגער צו געפינען די שפּורן פון א רינד־קאָפּ אין דעם אות אלף פון אלטן העברעישן כתב, איידער אינעם אות אלף פונעם קוואדראטנעם אלף־בית. די פאָלגנדיקע פיגור וועלכע באווייזט די פאזן וואס אן אות מאכט דורך איבערגייענדיק פונעם אידעאָגראפישן צום קלאַנג־אַלפאַבעט, וועט עס קלאָר מאכן.




1. — דאס אות אלף אין פרימיטיוון אידעאָגראפישן צושטאַנד (קאָפּ פון א רינד).

2 און 3. — איבערגאנגס־מדרגות.

4. — דאס אות אלף אין אלטן העברעישן כתב.

עס איז גאַנץ נאטירלעך, אז די אותיות פון אלטן העב־רעישן כתב זאלן אויפהיטן מער בולט די הויפּט־שטריכן פון זייערע אורשפרינגלעכע פיגורן, צו וועלכע זיי זיינען פיל נענ־טער, אין צייט, איידער די נייערע קוואדראטנע אותיות אין

וועלכע עס זיינען אויפגעהיט געווארן גאנץ ווייטע רמזים פון
די זעלבע.

און וואס מערער די אותיות פון א כתב דערווייטערן
זיך פון זייערע אורשפרינגלעכע בילדער, אלץ העכער איז די
אנטוויקלונגס־מדרגה פון דעם געגעבענעם כתב, און אלץ מער
צוגעפאסט איז עס צו דער פונקציע וואס איז אים צוגעטיילט
געווארן. דאס זאל טאקע געווען זיין די הויפט־סיבה פארוואס
אין עזרא׳ס צייטן האבן די יידישע סופרים אויפגעהערט צו
נוצן דאס אלטע העברעישע כתב, מיט וועלכן די שומרונים



זיגלען מיט אותיות פונעם אלט־העברעישן כתב.
פון רעכטס אויף לינקס לייענט זיך: לשבנין עבד עזיו;
לשבנין; לחנניהו בן עכבר.

באנוצן זיך נאך ביז היינטיקן טאג, און אנגעהויבן שרייבן מיט
די פיל דייטלעכערע אותיות פונעם כתב־אשורי. יעדנפאלס זיי־
נען וועגן דער ראדיקאלער שריפט־ענדערונג ניט פא־
ראן קיין קלארע ידיעות. ווי א פארענטפערונג פאר אזא געוואגטן
שריט קלינגט די תלמודישע לעגענדע, לויט וועלכער די סיני־
תורה איז טאקע געשריבן געווארן אין כתב־אשורי, אבער די
הייליקע אותיות האבן געביטן זייער צורה ווען דאס פאלק

# אנטוויקלונג פון יידישן כתב לויט אלט-סעמיטישע און העברעישע אויפשריפטן פון פארשידענע צייטן

| סדר-צאל | די הײנטיקע צורה פון אות: ביים אנהייב און אינמיטן װארט | די הײנטיקע צורה פון אות: ביים סוף װארט | 1 — 1000 יאר פ״קר | 2 — 875-890 פ״קר | 3 — אין VIII-VII י״ה פ״קר | 4 — 700 יאר פ״קר | 5 — אין V-טן י״ה פ״קר | 6 — לעצטע יארן פון בית שני | 7 — אין III-טן י״ה נ״קר | 8 — אין V-טן י״ה נ״קר |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | א | | | | | | | אא | א | א |
| 2 | ב | | | | | | | בב | ב | ב |
| 3 | ג | | | | | | | | | |
| 4 | ד | | | | | | | דד | ד | ד |
| 5 | ה | | | | | | | הה | ה | ה |
| 6 | ו | | | | | | | ווו | ו | ו |
| 7 | ז | | | | | | | זז | ז | ז |
| 8 | ח | | | | | | | חח | ח | ח |
| 9 | ט | | | | | | | | ט | ט |
| 10 | י | | | | | | | יי | י | י |
| 11 | כ | ך | | | | | | ככ | כ | כ |
| 12 | ל | | | | | | | לל | ל | ל |
| 13 | מ | ם | | | | | | מם | מ | מם |
| 14 | נ | ן | | | | | | ן | נן | נן |
| 15 | ס | | | | | | | סס | ס | ס |
| 16 | ע | | | | | | | עע | | ע |
| 17 | פ | ף | | | | | | פף | פפ | פ |
| 18 | צ | ץ | | | | | | צ | | צ |
| 19 | ק | | | | | | | ק | ק | ק |
| 20 | ר | | | | | | | רר | ר | ר |
| 21 | ש | | | | | | | שש | ש | ש |
| 22 | ת | | | | | | | תת | ת | ת |

## דערקלערונגען

1) פעניקיש כתב.

2) אלט־העברעיש כתב לויטן אויפשריפט אין מואביש, אויף דער אנטדעקטער אָנדענק־מצבה פון מישע מלך מואב.

3) ארמיש כתב.

4) העברעיש כתב אין דער צייט פון חזקיהו מלך יהודה.

5) העברעיש כתב לויט די פאפירוסן, געשריבן אין ארמיש, וואס זיינען אנטדעקט געווארן אויפן איזול עלעפאנטינע (ביים דרום גרענעץ פון מצרים).

6) העברעיש כתב לויט אויפשריפטן פון די לעצטע יארן פון בית שני.

7) העברעיש כתב לויט אויפשריפטן אויף דער פאדלאָגע פון אן אַלטער שול וואס איז אנטדעקט געווארן אין יריחו טאָל.

8) העברעיש כתב לויט אויפשריפטן וואס שטאַמען פון 5־טן י״ה נ״קר.

האָט געזוינדיקט, און האָבן צוריק אָנגענומען זייער אלטע פאָרם ווען דאס פאלק איז, אין עזרא הסופר'ס צייטן, הוזר בתשובה געווען.

שפּורן פון היסטאָרישע ידיעות וועגן דער שריפט-ענדע־רונג געפינען מיר שוין גיכער אין די מיינונגען וואס זיינען, אין נאָמען פון פארשידענע חכמים, צעשפּרייט אין אנדערע ער־טער פון תלמוד, און זיינען עלול צו באפעסטיקן די אויבנדער־מאָנטע השערה לויט וועלכער מען האָט אָנגעהויבן נוצן די קוואדראטנע אותיות, ווייל זיי זיינען געשטאַנען אויף א פיל העכערער אנטוויקלונגס-מדרגה, איידער די אותיות פונעם אלטן העברעישן כתב. אזוי, למשל, ווערט אין תלמוד געזאָגט, אז די אסירישע שפראך האָט א שיינע שריפט און נים קיין שיינעם קלאַנג, די העברעישע שפראַך האָט אַ שיינעם קלאַנג און נים קיין שיינע שריפט, דערפאר האבן זיך די יידן אויסגע־קליבן די העברעישע שפראך און די אסירישע שריפט (כתב אשורי).

אן ענלעכע באהויפּטונג איז אויך פאראן אינעם דרש וואָס פרווט דערקלערן פארוואס די נייע שריפט הייסט כתב אשורי: „למה נקרא שמו א ש ו ר י? — על שם שהוא מ א ו ש ר בכתבו". פארוואס הייסט דאס נייע כתב א ש ו ר י? — פרעגט דער תלמוד — ווייל עס איז דאס גליקלעכסטע (מאושר), דאס הייסט: דאס שענסטע און מער אנטוויקלטע צווישן אַלע אנדערע שריפטן*).

*) מ א ו ש ר קאן אויך באטייטן: באפעסטיקט, ד"ה: ד יי ט ל ע ך; נאך איניקע געלערנטע דארף מען דאס זעלבע ווארט לייענען: מ י ו ש ר, ד"ה, אז דאס כתב אשורי איז א ג ל יי כ ע שריפט.

ניט נאָר די סיבה פון דער שריפט-ענדערונג שטיצט זיך אויף לעגענדעס אדער בלויזע השערות. אויך וועגן דער צייט ווען דער דאזיקער שריט איז געמאכט געווארן זיינען ניט פאראן קיין זיכערע ידיעות.

עס איז פון אלע אָנגענומען די תלמודישע מיינונג וואס שטיצט זיך אויפן נאָמען פון כתב (אשורי), אז די נייע שריפט איז מיטגעבראכט געווארן בעת דעם צוריקקער פון גלות בבל*) אין 6-טן יארהונדערט פ"קר.

די דאזיקע מיינונג האָט אבער ניט קיין גענוג פעסטן יסוד, ווייל צווישן דעם העברעישן כתב-אשורי און דער דאמאלדי-קער אשור-בבל'ישער פלעקל-שריפט איז ניט פאראן קיין שום ענלעכקייט, און ווייל די עלטסטע דאקומענטן, געשריבן אין כתב-אשורי, וואס זיינען ביז היינט אנטדעקט געווארן, שטא-מען קיים פונעם ערשטן י"ה פאר דער קריסטלעכער צייט-רע-כענונג.

## די סימבאליסטישע השערות

ביז אהער האָבן מיר געזען די אנטשטייאונג און אנטוויק-לונג פון אלף-בית, אין ליכט פון די אזוי גערופענע עוואָלוציאָ-ניסטישע השערות, לויט וועלכע אונדזער היינטיקע קלאַנג-שריפט איז ניט מער ווי א ווייטע אנטוויקלונגס-מדרגה פון אן אמאָליקער בילדער-שריפט. יעדעס אות האָט זיך ארויסגע-

*) בבל און אשור זיינען געווען צוויי שכנות'דיקע מלוכות וואס פלעגן זיך אפט בייטן מיט דער הערשאפט, ווייל איינע פלעגט אונטערטאָכן די צווייטע; דערמיט דערקלערט זיך פארוואס זיי-ערע נעמען ווערן אָפט פארביטן איינער אויפן צווייטן.

שיילט פון א בילד; דאס בילד איז געווען אן איינפאַכע קאָפּיע פון א באַקאַנטן קעגנשטאַנד, און האָט טאַקע צום ערשטן גע־דינט אלס גראַפישע באצייכענונג פאר דעם זעלבן.

איצט וועלן מיר איבערגיין צו די סימבאָליסטישע השערות. לויט די ניט־יידישע אָנהענגער פון די דאַזיקע השערות זיינען די אורשפרינגלעכע בילדער פון די פעניקיש־העברעישע או־תיות געווען ניט קיין איינפאַכע קאָפּיע פון באַקאַנטע קעגנ־שטאַנדן, נאר ז י ן ־ ב י ל ד ע ר, וואס האבן סימבאָלי־זירט אלע פילאָזאָפישע, מאגישע און וויסנשאפטלעכע ידיעות פון אַלטערטום. און די דאזיקע מיסטישע צייכנס זיינען אין יע־נער צייט געווען פארשטענדלעך פאר די געלערנטע פון אלע פעלקער וואס האבן באזעסן די דערמאָנטע ידיעות, פונקט אזוי ווי די מאָדערנע פאָרמולעס פון כעמיע, פיזיק, מעכאַניק, אל־געברע אד״גל, זיינען פארשטענדלעך פאר אלע וואס שטודירן די דאָזיקע וויסנשאפטן אין וועלכער שפראַך עס זאָל ניט זיין. די אורשפרינגלעכע זין־בילדער פון אלף־בית זיינען מיט דער צייט פאראיינפאכט געווארן, און האָבן פארלוירן זייער אמאלי־קע פאָרם. גלייכצייטיק זיינען פאַרגעסן געוואָרן אויך די גע־היימע ידיעות וואס זיינען אין זיי געווען שיפרירט און ס'איז באקאנט געבליבן נאר זייער פאָנעטישער ווערט. אבער שפּורן פון די געהיימע ידיעות זיינען נאָך דאָ צו געפינען אין דער אר־כאישער פיגור פון יעדן פעניקיש־העברעישן אות, אין דעם נאָ־מען אונטער וועלכן עס איז אונדז באקאנט, און אין דעם אנט־שפרעכנדיקן אריטמעטישן ווערט. דערפאַר איז קלאָר, אז אויב מיר ווילן אנטדעקן די סודות וואס זיינען שיפרירט אין א גע־וויסן אונדז־באַקאַנטן אות, מוזן מיר דעם דאָזיקן צייכן פיל־פאַכיק אַנאַליזירן און צעגלידערן, פאָרשנדיק זיין אורשפרינג־

לעך בילד, די סימבאָלישע באַדייטונג וואס איז אין אַלטע צייטן צוגעגעבן געוואָרן דעם דאזיקן בילד, די לעקסישע עלעמענטן וועלכע בילדן דעם נאָמען פון אות, דעם אנטשפרעכנדיקן צאל-וואָרט, אד"גל.

און אזוי האבן טאקע געטאָן די ניט-יידישע סימבאליסטן, כדי צו דערהווייזן דעם אמת פון זייערע באהויפטונגען: זיי האָבן געמאכט די פילפאכיקע צעגלידערונג פון יעדן אות אין ליכט פון ידיעות וואס זיינען אונדז פארבליבן וועגן אלטער-טימלעכן סימבאָליזם, און זיך שטיצנדיק אויף פילאָלאָגישע און גראמאטישע כללים פון דער העברעישער און אנדערע אלט-סעמיטישע שפראכן. ביישפילן פון דעם וועלן געבראכט ווערן אין די קומענדיקע קאפיטלעך.

*

איצט וועלן מיר לאזן ריידן די שעפער פון ספעציפיש-יידישע טעאָריעס וועגן מיסטישן אפשטאַם פון אלף-בית — די בעלי-קבלה.

לויט זיי זיינען די אורשפרינגלעכע בילדער פון אונדזערע היינטיקע אותיות געפורעמט געוואָרן פון גאָט אַליין, אין די וויטע פאר-בראשית טעג. די צוויי און צוואנציק „קליינע" או-תיות וואס יעדער חדר-יינגל קען זיי, זיינען ניט עפּעס אנדערש ווי א זעיר-אנפּינ'דיקע אויפלאגע פון די „גרויסע" הימלעשע אור-אותיות. דערפאר זיינען אין זיי פארבאָרגן מיסטישע אור-כוחות מיט וועלכע מען קאָן באַשאַפן און חרוב מאכן וועלטן.

די ניט-יידישע סימבאָליסטן האבן סומך געווען זייערע אויסטערלישע השערות וועגן אפשטאַם פון אלף-בית, אויף פי-לאָלאָגישע און גראמאטישע כללים וואס קאנען ניט גרינגע-

שעצט ווערן אפילו פון די שטרענגסטע פארשער. די בעלי־קבלה האבן אזעלכעס ניט געטאן.

פארוואס? דער ענטפער איז א גאנץ קלאָרער: אויב די אותיות האָבן עקזיסטירט נאך פארן וועלט־באשאף און האָבן ניט דורכגעמאכט קיינע אנטוויקלונגס־שטופן — יעדנפאלס ניט אזעלכע וואס מיר, נאך־בראשית־ברואים זאָלן קענען באַגרייפן — איז קלאָר, אז אויף זיי זיינען ניט חל קיינע גראמאַטישע כללים און קיינע פילאָלאָגישע וויכוחים.

די לעגענדע פון פאָלגנדיקן קאפיטל האב איך איבערזעצט פונעם „ספר־הזוהר", און זי וועט אמבעסטן דערקלערן די גרונט־געדאנקען פון די בעלי־קבלה וועגן דעם מיסטישן ווערט פון די העברעישע אותיות. די איבערזעצונג שטימט כמעט דורכאויס מיטן טעקסט פון אריגינאל, אויסער איניקע שטעלן וואס איך האב געפונען פאר נויטיק אויסצולאָזן, ווייל זייער איבערמעסיקער פלפול וואלט פיל געשעדיקט די מילדקייט פונעם לעגענדע־סטיל.



קאפיטל דריי

# די לעגענדע וועגן אות פונ'ם וועלט באשאף

די אותיות שטעלן זיך פארן בורא. — זייערע טענות. — עס איז גובר דאס אות בית. די באשיידענע אלף און איר שכר.

עס שטייט געשריבן: „בראשית ברא אלהים את..." רבי המנונא סבא זאגט: מיר געפינען די אָנהייב־אותיות פון די דאזיקע פיר ווערטער אין אַן אומגעקערטן סדר. די ערשטע צוויי ווערטער הייבן זיך אָן מיטן אות ב, היינו: בראשית ברא, און די אנדערע צוויי הייבן זיך אָן מיטן אות א, היינו: אלהים את! וואס זאל דער־מיט געמיינט זיין? אבער —



ין צוויי טויזנט יאר פארן וועלט-באשאף זיינען אלע אותיות געווען פארבארגן, און גאָט, ברוך הוא, האָט מיט זיי זיינע טעג פארבראכט, און זיי געצערטלט ווי קליינע קינדער.

און אז ס'איז געקומען די שעה, און דער האר האָט געוואָלט באַשאַפן די וועלט, האָבן אלע אותיות, אין אַן אומגעקערטן סדר*) און איינציקווייז, זיך גענומען שטעלן פאר אים.

---

*) אין א תשר"ק־סדר, ד. ה.: תיו צום ערשטן, דערנאָך שין, ריש, קוף אא"וו.

דאס אות ת י ו האָט זיך באוויזן צום ערשטן און גע־טענה'ט:

— באוווינער פון דער אומענדלעכקייט, זאל איך געפי־נען חן אין דיינע אויגן, און זאלסטו מיט מיר באשאפן די וועלט! איך בין א צייכן פונעם וואָרט א מ ת וואס איז איינ־געקריצט אויף דיין חותם, דערפאר וואלט שיין געווען, האַר, מיט מיר די וועלט צו באַשאַפן.

האָט גאָט, ברוך הוא, געענטפערט:

— דו ביסט גערעכט און דיין טענה איז א גערעכטע, אָבער איך וועל מיט דיר ניט באשאפן די וועלט. דיין גורל איז צו זיין אויסגעקריצט אויפן שטערן פון די גלויביקע וואס וועלן היטן מיינע געבאָט פון אלף ביז תיו*). און נאָך: ווי קאָן איך דען מיט אן אות פונעם וואָרט מות (טויט) באשאפן א וועלט?

די תיו איז אוועק.

האָט זיך באוויזן דאס אות ש י ן און געטענה'ט:

— האר פון די וועלטן, זאָל איך געפינען חן אין דיינע אויגן! איך בין דאס ערשטע אות פון דיין נאָמען ש ד י, און עס וואלט שיין געווען צו באַשאַפן די וועלט מיט אן אות פו־נעם הייליקן נאָמען.

האָט גאָט, ברוך הוא, געענטפערט:

— פאסיק ביסטו, גוט ביסטו און אמת ביסטו! אבער די

*) א רמז אויף דעם וואס עס שטייט געשריבן (יחזקאל ט, ד): און דער האר האָט צו אים געזאָגט: גיי דורך די שטאָט ירושלים און מאך א צייכן (תו) אויפן שטערן פון די מענער וועלכע קלאָגן און וויינען אויף דעם שלעכטס וואס ווערט אין איר אפגעטאָן.

אותיות ק און ר באַהעפטן זיך מיט דיר אינעם וואָרט ש ק ר, און דו ביסט פאַר זיי אַן אָנשפּאַר — דערפאַר וויל איך מיט דיר נישט באַשאַפן די וועלט.

די שין איז אַוועק, און די אותיות ק ו ף און ר י ש האָבן מער נישט געהאַט די העזה זיך צו ווייזן.

האָט זיך דאָס אות צ ד י ק געשטעלט פאַרן בורא און געטענה'ט:

— זאָל איך געפינען חן אין דיינע אויגן האַר פון די עולמות! איך בין דאָס ערשטע אות פונעם וואָרט צ ד י ק י ם און אויך פון דיין נאָמען "צדיק" בין איך אַ צייכן — דערפאַר וואָלט שיין געווען מיט מיר צו באַשאַפן די וועלט.

אָבער גאָט, ברוך הוא, האָט געענטפערט:

— דו ביסט באמת פּאַסיק, און באמת גערעכט, אָבער איך וועל מיט דיר נישט באַשאַפן די וועלט, ווייל אַ צדיק מוז פאַרהוילן זיין און טאָר זיך פאַר דער וועלט נישט אַנטפּלעקן...

דאָס אות צדיק איז אַוועק און נעלם געוואָרן.

האָט זיך באַוויזן דאָס אות פ א מיט אַ בקשה:

— האַר פון די הויכקייטן, זאָל דיר ווילגעפעלן מיט מיר צו באַשאַפן די וועלט! איך בין דאָס ערשטע אות פונעם וואָרט פ ד ו ת — די גרויסע אויסלייזונג וואָס וועסט אַמאָל ברענגען אויף דער וועלט. זיי מילד צו מיר, האַר, אין זכות פון דער הייליקער אויסלייזונג!

אָבער גאָט, ברוך הוא, האָט געענטפערט:

— איך וועל מיט דיר נישט באַשאַפן די וועלט, אות פא! ווייל דו ביסט אויך דאָס ערשטע אות פונעם וואָרט פ ש ע (זינד), און דיין צורה איז טאַקע ענלעך צו אייניעם וואָס האָט

זיין קאָפּ אראפּגעבויגן איבער דער בושה פון זינד...

די פא איז אוועק.

האָט זיך דאס אות ע י ן געשטעלט פארן בורא מיט א בקשה:

— זאָל די געֶפעלן, האַר, מיט מיר די וועלט צו באשאפן. איך בין דאס ערשטע אות פונעם ווארט ע נ ו ה (באשיידנ־קייט), זאל דער זכות פון דער גרויסער מידה מיר ביישטיין!

אבער דער האר האָט געענטפערט:

— דו ביסט אויך דאס ערשטע אות פונעם ווארט ע ו ן (זינד), ווי קאָנסטו דען זיין דאס אות פון באשאף?

איז די עין אוועק.

האָט זיך דאס אות ס מ ך געשטעלט פארן בורא און גע־טענה'ט:

— זאל דיר געפעלן, האַר, מיט מיר צו באַשאַפן די וועלט. איך בין אן אָנשפּאַר פאר אלע וואס פאַלן, ווי עס שטייט גע־שריבן (תהלים קמ"ה, י"ד): ס ו מ ך ה' לכל הנופלים.

אבער גאָט, ברוך הוא, האט געענטפערט:

— טאַקע דערפאר, סמך, מוזטו אויף דיין ארט בלייבן און טאָרסט זיך פון הארט ניט אוועקרירן; ווייל אויב איך וועל דיך אוועקנעמען כדי מיט דיר די וועלט צו באשאפן, וואס וועט זיין פון אלע די פאר וועמען דו ביסט דער איינציקער אנשפאר?

די סמך איז באלד אוועק.

האָט זיך באוויזן דאס אות נ ו ן און געזאָגט:

— זאָל דיר געֶפעלן, האר, מיט מיר די וועלט צו באשאפן, איך בין דאס ערשטע אות פון דיין נאָמען נ ו ר א.

אבער גאָט, ברוך הוא, האָט געענטפערט:

— צוליב דיר, נון, האָט זיך די סמך אומגעקערט אויף איר פּלאַץ. קער זיך אויך אום, און זאל די סמך אן אנשפּאר דיר זיין*)

און די נון האָט זיך אומגעקערט.

האָט זיך באַוויזן דאס אות מ ם מיט א בקשה:

איך בין דאס ערשטע אות פונעם וואָרט מ ל ך, האַר, זאל דיר געפעלן מיט מיר צו באַשאַפן די וועלט.

אָבער גאָט, ברוך הוא, האָט געענטפערט:

— דיינע רייד זיינען אמת, אבער דו קאָנסט ניט זיין דאס אות פון באַשאַף, ווייל די וועלט מוז האָבן א מלך! קערט אייך אום אויף אייער פּלאַץ, דו און די אותיות ל און ך! ווי קאן די וועלט אָן א מלך בלייבן?

אין דער רגע האָט דאס אות כ ך פאַרלאָזט דעם כסא הכבוד, זיך געשטעלט פאַרן בורא און געטענה'ט:

זאל איך געפינען חן אין דיינע אויגן, האַר פון די וועלטן, און זאָלסטו מיט מיר באַשאַפן די וועלט. איך בין דאס ערשטע אות פונעם וואָרט כ ב ו ד וואס באַצייכנט דיין רום און דיין פּראַכט.

(און ווען דאס אות כף האָט פאַרלאָזט זיין אָרט האָט זיך דער הייליקער טראָן צעטרייסלט; צוויי הונדערט טויזנט וועלטן האָבן זיך געגומען וואַקלען ווי שכורים און פון דעם גאַנצן אוניווערס איז שיר ניט א מפּולת געוואָרן.)

---

*) א רמז אויף דעם וואס דאס אויבנדערמאָנטע וואָרט נ ו פ ל י ם (די וואס פאַלן) הייבט זיך אָן מיטן אות נון.

אבער גאָט, ברוך הוא, האט זיך אָנגערופן:

—כף, כף, נאָכוואס האָסטו זיך אזוי פארעקשנט אויף דיין בקשה? קער זיך אום אויף דיין אָרט ווייל דו קאָנסט עולמות פארניכטן*)

און די כף האָט זיך אומגעקערט.

האָט זיך באוויזן דאס אות י ו ד און געטענהט:

— זאָל דיר ווויל געפעלן, האַר, מיט מיר צו באשאפן די וועלט. איך בין אן אות פון דיין היליקן נאָמען י ה ו ה.

אבער דער בורא האָט געענטפערט:

— איז דיר נאך ווייניק וואס דו ביסט איינגעקריצט אין מיר, וואס ביסט א צייכן פון מיין נאָמען, און מיין גאנצער ווילן פליסט ארוים פון דיר? ע׳ס וואלט ניט שיין געווען דיך פון מיין נאָמען ארויסצורייסן.

און די יוד איז אוועק.

האָט זיך באוויזן דאס אות ט י ת און געטענה׳ט:

— האַר פון די וועלטן! איך בין דאס ערשטע אות פונעם וואָרט מיט וועלכן מען רופט אָן דאס גוטע (טוב), און אויך פון דיין נאָמען "טוב וישר" בין איך א צייכן — דערפאר זאל דיר געפעלן מיט מיר צו באשאפן די וועלט!

אבער גאָט, ברוך הוא, האָט געענטפערט:

— דאס גוטע איז פארהוילן**), דאס גוטע איז פארבארגן! —

---

*) א רמז אויף דעם וואס דאס ווארט כליון (פארניכטונג, פארטיליקונג) הייבט זיך אן מיטן אות כף.

**) א רמז אויף דעם וואס ס׳שטייט געשריבן: (תהלים ל"א, ס׳) ווי גרויס איז דאס גוטס וואס האסט פארבארגן פאר דיינע צדיקים!

נאָר די קומענדיקע וועלט וועט פון אים געניסן, אבער די וועלט וואס איך גיי איצט באשאפן וועט אין אים קיין חלק ניט האָבן, דערפאר וועל איך זי מיט דיר, טית, ניט באַשאַפן.

דעם אות ח י ת וואס האָט זיך גלייך באוויזן האָט גאָט, ברוך הוא, געזאָגט:

— איך וועל מיט דיר די וועלט ניט באשאפן, ווייל דו, צו־זאמען מיטן אות טית זענט איר אותיות פון דעם ווארט ח ט א (זינד).

די חית איז אוועק.

האָט זיך באוויזן דאס אות ז י ן מיט א בקשה:

— איך בין דאס ערשטע אות פונעם שבת־געבאָט, האר*), זאל איך געפינען חן אין דיינע אויגן און זאָלסטו מיט מיר באַ־שאַפן די וועלט. זיי מילד צו מיר אין זכות פון הייליקן געבאָט!

אָבער גאָט, בהוך הוא, האָט געענטפערט:

— זין! אלע כלי־משחית זיינען דא אין דיר**), ווי קאן איך מיט דיר, זין, א וועלט באשאפן?

די זין איז באלד אוועק.

האָבן זיך באוויזן די אותיות ה א און ו ו מיט א געבעט:

— מיר זיינען צייכנס פון דיין הייליקן נאָמען י ה ו ה, האר, זאל דיר ווילגעפעלן מיט אונדז צו באשאפן די וועלט.

אבער דער האר האָט געענטפערט:

— איז אייך דען ווייניק צו זיין אויסגעקריצט אין מיין נאָ־

*) זכור את יום השבת לקדשו!

**) כלי זין — וואפן.

מען, און צו טראָגן דעם גרויסן סוד וואס איז אין אים פאר־באָרגן? גייט צוריק אויף אייער אָרט.

זיינען ביידע אותיות אוועק.

גלייך האבן זיך באוויזן די אותיות ד ל ת און ג י מ ל, אבער גאָט, ברוך הוא, האָט זיי געזאָגט:

— אויך איר דארפט צופרידן זיין מיט אייער גורל צו זיין איינס לעבן צווייטן, ווייל די אָרעמע (דלים) וועלן פון דער וועלט קיינמאָל ניט פארשווינדן, און מען דארף מיט זיי טאן גוטס (ג מ ל ט ו ב ה) — „ד" איז דער ארעמער (דל) און „ג" טוט מיט אים גוטס (גומל טובה), דערפאר קאָנט איר זיך איינס פון צווייטן ניט אפשיידן און ווייל איז צו אייך און צו אייער חלק!

זיינען ביידע אותיות אוועק.

האָט זיך דאס אות ב י ת געשטעלט פארן בורא מיט א בקשה:

— זאָל איך געפינען חן אין דיינע אויגן, אלהעכסטער, איך בין דאס ערשטע אות פונעם וואָרט ב ר ו ך מיט וועלכן מען טוט דיך בענטשן אין די אייבערשטע און אין די אונטער־שטע וועלטן. זאָל דיר ווילגעפעלן מיט מיר צו באשאפן די וועלט!

האָט גאָט, ברוך הוא, געענטפערט:

— זאָל טאקע געטאן ווערן דיין בקשה, אות ב! דו וועסט זיין דער יסוד פון דעם ווערק וואס כ'גיי באשאפן — מיט א ברכה וועל איך באשאפן די וועלט! — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

און דאס אות א ל ף איז געבליבן שטיין עניוות׳דיק אויף זיין אָרט, און זיך פאר דעם באַשעפער ניט געוויזן.

האָט גאָט, ברוך הוא, צו אים געזאָגט:

— אלף, אלף, פארוואס האָסטו זיך אויך פאר מיר ניט געוויזן, ווי אלע איבעריקע אותיות?

און די אלף האָט געענטפערט:

— האַר פון די וועלטן! איך האב געזען אלע אותיות אומזיסט זיך ווארפן צו דיינע פיס, נאכוואָס זשע זאל איך אויך געווען אַזעלכעס טאָן? און נאָך: איך האָב געזען ווי האָסט באַשאָנקען דאס אות בית מיט דער וואונדערלעכער סגולה פון באַשאַף; קאן דען דער האַר צונעמען דאס וואס ער האָט געגעבן איינעם פון זיינע דינער כדי עס אוועקצוגעבן א צווייטן?

האָט דער בורא ווייטער געזאגט:

— אלף, אלף! כאָטש מיט דער בית (פון בראשית) וועל איך באשאַפן די וועלט, וועסטו אָבער זיין דאס ערשטע פון אלע אותיות, און דעם סוד פון יחוד וועט מען ערגעץ אנדערש ניט געפינען, נאר אין דיר! דו וועסט זיין דער יסוד און דער אָנהייב פון אלעמען וואס וועט געשאפן ווערן אויף דער וועלט!

---

און גאָט, ברוך הוא, האט באשאפן די גרויסע אותיות פון די אייבערשטע וועלטן און, כנגד זיי, די קליינע אותיות פון די אונטערשטע וועלטן. דאס איז די סיבה פארוואס די ערשטע צוויי ווערטער

פון די הייליקע שריפטן הייבן זיך אָן מיטן אות בית, און די אנדערע צוויי ווערטער הייבן זיך אָן מיטן אות אלף, כדי מרמז צו זיין אויף צוויי מינים אותיות וועלכע זיינען אבער פון דעם זעלבן חומר געפו־רעמט: די אותיות פון די אייבערשטע וועלטן און די אותיות פון די אונטער־שטע וועלטן.



קאפיטל פיר

# קבלה - די מיסטישע אלגעברע

פ ש ט, ר מ ז, ד ר ש און ס ו ד. — א ל ג ע ב ר י ש ע אפעראציעס איבער די העברעישע אותיות. — גימטריא, נוטריקון, תמורה, צרוף. — אותיות - מיסטיק און צאלן - מיסטיק. — געהיים-אלפאבעטן. — די עלאסטישקייט פון תנ״ך-טעקסט. — די „פארשלאָסענע פרינצעסין״.



שה'ס לערע איז געטראָגן געוואָרן אויפן שויס פון הונדערטער דורות; יעדער דור האט אויף איר זיין הותם געלייגט, זי אויף זיין שטייגער דערקלערט. און די פארשידנארטיקע פירושים וואס זיינען פון די פריסטע צייטן אָן געוועבט געוואָרן ארום דער דאזיקער אלטער לערע, לאָזן זיך איינטיילן אין פיר הויפט־קלאַסן:

א. ווארטלעכע (דרך פשט)

ב. אנדייטנדיקע (דרך רמז)

ג. אלעגארישע (דרך דרש)

ד. מיסטישע (דרך סוד)

דעם סכום פון אלע פרווון וואס זיינען געמאכט געוואָרן צו דערקלערן די הייליקע שריפטן בדרך סוד, וואָלטן מיר געקאָנט אָנרופן ק ב ל ה.

ס'איז כדאי צו באמערקן, אז אזא באדייטונג איז ערשט צוגעשריבן געוואָרן דעם ווארט "קבלה" אָנהייבנדיק, בערך, פונעם 16־טן י"ה אויף ווייטער, ווייל ביז דאן האט דאס זעלבע ווארט געדינט אלס באצייכענונג פאר דער יידיש־רעליגיעזער מינדלעכער טראדיציע בכלל.

די בעלי־קבלה לייקענען, אז דער ווארטלעכער מעטאד פון

דערקלערן די תורה זאל זיין דער ריכטיקער. לויט זיי האט משה געשריבן די תורה אין א סימבאָלישער שפראך וואס איז צו־ליב איר קאָמפּליצירטקייט ניט געווען צוגענגלעך פאר אלע, און דערפאר האָט ער איבערגעלאָזט מינדלעכע דערקלערונגען וועלכע זיינען בקבלה איבערגעגאנגען צו די יחידי־סגולה פון יעדן דור. אבער ווען עס איז געבראָכן געווארן די אידישע פּאָ־ליטישע הערשאפט און ס'איז אנטשטאַנען א געפאר, אז די סתרי תורה זאלן, מחמת דער צעשפּרייטקייט פון פאלק, פארגעסן ווערן, האָט רבי שמעון בן יוחאי, נאך דעם ווי ער האט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, באַשלאָסן די דאזיקע סודות אויפצושרייבן און אנטפלעקן. אזוי איז אנטשטאַנען דער ספר הזוהר (בוך פון גלאנץ), דאס קלאסישע הויפט־ווערק פון דער קבלה־ליטעראַטור.

רבי שמעון בן יוחאי האָט געלעבט אין א צייט, ווען די רוימישע רדיפות קעגן יידן, האבן דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה פון רשעות. אזא צייט איז מסוגל פאר דעם אויפבלי פון מיסטישע ווערק, ווייל די שפּירעוודיקייט פאר געהיימניש־פולע השערות וועגן אלץ און אלעמען ווערט דאן אנטוויקלט צווישן אלע שיכטן פון פאלק. ס'איז אויך באקאנט, אז ר' שמעון בן יוחאי איז פארפאָלגט געווארן פון די רוימער ווי א מורד במלכות. די לעגענדע דערציילט, אז ער, צוזאמען מיט זיין זון רבי אלעזר, האָבן זיך אויסבאהאלטן פון זייערע פארפאָלגער אין א פארבאָרגענער הייל, וווּ זיי האָבן במשך דרייצן יאָר זיך דערנערט בדרך נס, און געלערנט די סודות פון דער תורה.

אזא טונקעלע צייט און אזעלכע לעגענדארע אומשטענדן זיינען באמת מסוגל פארן אויפקום פון דעם סודות'דיקסטן בוך פון אלע ביכער. אָבער טראָץ דעם, לייקענען די קריטישע פאר־

שער אז רבי שמעון בן יוחאי זאל זיין דער מחבר פונעם „זוהר הקדוש". לויט זיי איז דאס דאזיקע בוך פארפאסט געווארן ערשט אין יאר 1280, פון דעם מקובל ר' משה די ליאון, וועלכער האט אויסגענוצט דעם באליבטן נאמען פונעם מארטירער און הייליקן מאן, כדי צוצוגעבן מער ווערט דער קבלה-לערע.

די טאקטיק פון אויפשרייבן א פרעמדן נאמען אויפן שער-בלאט פון א בוך וואס איז באשטימט צו דערוועדבן אנהענ-גער פאר א נייער לערע, איז אפטמאל אנגעווענדעט געווארן אין דער אלטער העברעישער ליטעראטור. די סיבה פון אזא טאקטיק שטעקט תמיד דערין וואס דער פאלשער מחבר איז פאררעכנט אלס גרעסערע אויטאריטעט אין דער געגעבענער לערע, איידער דער אמתער. און אויב די קבלה-לערע, אין וועל-כער ס'איז צו מערקן שפורן פון קריסטלעכער און איסלאמי-שער מיסטיק, האט מיט דער צייט אנגעהויבן צוציען א גרע-סערע צאל אנהענגער צווישן יידן, איז קיין ספק ניט, אז דער פארפאסער אדער זאמלער פון "ספר הזוהר" האט פיל פון דער דאזיקער דערגרייכונג צו פארדאנקען דעם נאמען פון רבי שמעון בן יוחאי.

ניט איבעריק וועט זיין אויב איך וועל דא אין אלגעמיינע שטריכן אנצייכענען די עיקר'דיקסטע טייל פון דער קבלה-לע-רע — די טייל וועלכע דערקלערט ווי אזוי דאס אומבאגרייפלע-כע געטלעכע אורזיין האט זיך אנטפלעקט דורכן מאיעסטע-טישן ווערק פון בראשית:

גאט איז, לויט דער קבלה, אומבאגרייפלעך פארן מענטש-לעכן פארשטאנד, ווייל ער איז אן אומבאגרענעצט, ענדלאז וועזן (אין סוף).

אין א געוויסן מאָמענט אבער, האָט דער אין־סוף אַנגעהויבן זיך צוריקציען אין זיך אליין, זיך מצמצם זיין — לויט דער קבלה־טערמינאָלאָגיע — דערמעגלעכנדיק, אזוי ארום, דעם אָנהויב פונעם באַשאַף־פּראָצעס, ווייל א דאנק דער זעלבסט־קאָנצענטרירונג פונעם געטלעכן וועזן, איז געבליבן א חלל פאר דעם וואס האט געדארפט באשאפן ווערן. עס האָט דאן אָנגעהויבן עקזיסטירן און ווירקן דער עולם האצילות די "העכערע וועלט" וואס דריקט זיך אויס אין צען גייסטיקע און עטישע אפגלאַנצן דורך וועלכע דאס געטלעכע אורזיין האָט זיך אנטפלעקט.

די אפגלאנצן פון דער געטלעכער אור־עקזיסטענץ זיינען באקאנט אונטערן נאָמען ספירות, און זייער צאל איז צען, ווי עס פאָלגט:

א. כתר — קרוין. סימבאָל פון דער ערשטער און העכסטער מאכט, פון דעם געטלעכן בראשית־ווילן;

ב. חכמה — קלוגשאפט. די געטלעכע בראשית־מחשבה;

ג. בינה — אינטעלעקט, פארנונפט;

ד. חסד אדער גדולה — גנאָד, ליבשאפט;

ה. גבורה, דין אדער פחד — די געטלעכע אור־מאכט וואס משפט און באשטראָפט.

ו. תפארת — שיינקייט, פראכט, הארמאָניע;

ז. נצח — הויערדיקייט;

ח. הוד — מאיעסטעטישקייט;

ט. יסוד — גרונט. פון דער ספירה, וואס איז דער גרונט פון גאנצן אוניווערס, פליסן ארויס די געטלעכע

ווירקנדיקע כוחות וועלכע זיינען די ערשטע אבסטראקטע אנהויב־פונקטן, פון יעדער זאך וואס איז געשאפן געווארן און עקזיסטירט.

י. מ ל כ ו ת — קעניגרייך — די ספירה ווו עס ווירקן די געטלעכע מיסטישע כוחות.

דער עולם האצילות איז, אזוי ארום, געבילדעט פון צען געטלעכע אנטפלעקונגס־פארמען אדער עמאנאציעס וועלכע קוואלן ארויס פונעם אומבאגרייפלעכן אין סוף, און ווערן איינגעטיילט אין גרופעס פון דריי.

די ספירות פון דער ערשטער גרופע (כתר, חכמה און בינה) בילדן די העכסטע גייסטיק־אינטעלעקטועלע וועלט אדער דעם עולם השכל.

די ספירות פון דער צווייטער גרופע (חסד, גבורה און תפארת) בילדן די עטישע וועלט אדער דעם עולם הנפש.

די ספירות פון דער דריטער גרופע (נצח, הוד און יסוד) בילדן די מאטעריעלע וועלט, אדער דעם עולם הגוף.

די צענטע ספירה (מלכות) פארבינדט דעם אבסטראקטן עולם האצילות מיט דריי רעאלע וועלטן וועלכע זיינען באקאנט אונטער פאלגנדיקע נעמען:

א) עולם הבריאה — סימבאליזירט די אקטיוויטעט פונעם באשאף־רצון.

ב) עולם היצירה — סימבאליזירט די אויספורעמונג פונעם חומר.

ג) עולם העשיה — סימבאליזירט דאס טאן אין די ארויסענדיקונג, די לעצטע מדרגה פון באשאף.

און די דאזיקע דריי ווירקנדיקע וועלטן האָבן ארויסגע־רופן דאס רעאלע און קאָנקרעטע בראשית־ווערק.

*

די היפּאָטעזע וועגן וועלט־באַשאַף וואס איך האָב אָקאָרשט סקיצירט, קאן בלי ספק פארגעמען א בכבודיק אָרט צווישן אלע איבעריקע פון דעם מין. איך וואלט זי דעריבער אין מיין דאזיקער ארבעט פארשפּאָרט צו דערמאָנען, ווען ניט דער פאקט וואס די בעלי־קבלה האָבן אלס יסוד פון אלע זייע־רע באהויפּטונגען ניט עפּעס אנדערש ווי קינסטלעכע אויסטײַ־טשונגען פון געוויסע תנך־טיילן, באזונדערס די חמשה חומשי תורה, מעשה־מרכבה פון ספר יחזקאל און שיר־השירים.

אבער ווי אזוי איז זיי געלונגען פון די דאזיקע שטעלן זייע־רע באהויפּטונגען ארויסצוּוויקלען? אָט דא זיינען מיר געקו־מען צו דעם פונקט וואס אינטערעסירט אונדז אייגנטלעך אין אונדזער ארבעט, צו דער פונקציע פון קבלה אלס א מיסטי־שע אלגעברע.

*

אלגעברע איז דער צווייג פון מאטעמאטיק וואס באנוצט אין די רעכן־אפּעראציעס א ו ת י ו ת אנשטאָט די אריטמע־טישע ציפערן. די אותיות דינען אין דעם פאל אלס אינסטרו־מענטן צו פאראלגעמיינערן די רעכן־אָפּעראַציעס, און זיי צו מאכן אויף אזוי פיל עלאסטיש, אז זיי זאלן קאָנען פארוואנדלט ווערן אין פארמולעס וואס זיינען אָנווענדבאר אויף אומצאָליקע פאלן. די רעזולטאַטן זיינען באמת ווונדערלעך און ווייטגייענ־דיק.

אָבער נאָך ווונדערלעכער און אויסטערליש ווייטגייענדי־קער, כאָטש פיל מאל צעפלאָסן און ניט מאטעמאטיש פינקט־לעך, זיינען די רעזולטאַטן וואס די בעלי־קבלה — די מיסטישע אלגעבראיקער — האָבן באקומען דורך די פארשידנארטיק־סטע אפעראציעס וואס זיי האבן געמאכט איבער די העברעי־שע אותיות פון די הייליקע שריפטן:

די בעלי־קבלה האלטן אז די געהיימע געדאנקען פון וועל־כע עס איז אויסגעפלאָכטן זייער מיסטיש־פּאָעטישע וועלט־אָנשויאונג, קאנען אנטדעקט ווערן אין תנ"ך־טעקסט ווען מען זאל אים לייענען ניט נעמענדיק אין אכט דעם נקוד און די טע־מים (טראָפּ) — דאס איז א שפּעטערדיקע מענטשלעכע המצ־אה — און אויך ניט די ווערטער אלס גאנצע, נאר די איינצל־נע אותיות אלס מיסטישע סודות׳פולע צייכנס פון געטלעכן אורשפּרונג.

אין מיט די דאָזיקע צייכנס, באפרייטע פון די קייטן פון וואָרט, אנגענומענעם טייטש, נקוד און טעמים, ווערן געמאכט פארשידנארטיקע קאָמבינאציעס פון וועלכע יעדע איינע טראָגט, לויט איר אייגנטימלעכער פארמע, א באשטימטן נאָ־מען. די וויכטיקסטע און מער באקאנטע אפעראציעס פון דער אותיות־מיסטיק מיט וועלכע עס האָבן זיך באנוצט די בעלי־קבלה זיינען: גימטריא, נוטריקון, תמורה און צרוף, און פון זיי וועל איך ברענגען איניקע ביישפילן וועלכע דארפן, אין אונ־דזער פאל, ציען די אויפמערקזאמקייט ניט אזוי אויף זייער אינ־האלט ווי אויף זייער פאָרם.

## גימטריא־אפעראציעס

ווי באוווסט האָט יעדער אות אין העברעיש אויסער דעם

קלאַנג־ווערט, אויך א צאָל־ווערט. און אָט די אייגנשאַפט פון די העברעישע אותיות דינט אלס יסוד פאר די גימטריא־אפע־ראציעס וועלכע דערלויבן, אז איין ווארט זאָל פארביטן ווערן אויפן צווייטן, אונטער דעם איינציקן תנאי אז ביידע גע־געבענע ווערטער זאָלן זיין גלייך אין זייער צאל־ווערט.

אין מדרש, למשל, ווערט געזאָגט: „סלם זה סיני" — די לייטער וואס יעקב־אבינו האָט געזען אין זיין בארימטן חלום, דאס מיינט מען דעם בארג סיני.

קיינער וועט ניט לייקענען, אז עס איז א ווונדערלעכער איינפאל און לאגישער געדאנק צו פארגלייכן דעם בארג סיני דורך וועלכן עס האבן אראָפּגענידערט אויף דער ערד די שענ־סטע און פולקאָמסטע הימל־געבאָט — צו דער לייטער פון דער באַרימטער ביבלישער וויזיע, דורך וועלכער עס האָבן אראפּ־גענידערט אויף דער ערד מלאכים — די שענסטע און פולקאָמ־סטע הימל־וועזנס וואס דער מענטשלעכער דמיון האָט שוין אויסגעטרוימט.

אבער די בעלי־קבלה באפרידיקן זיך ניט מיט דער ווונדער־לעכקייט פונעם איינפאל, און ניט מיט דער לאגישקייט פונעם געדאנק. כדי צו דערווייזן דעם אמת פון דער באהויפּטונג זוכן זיי א מער מאטעריעלן אָנשפּאר, און זיי געפינען אים אין דעם מערקווירדיקן צוזאמענטרעף וואס דאס ווארט ס ל ם איז בגימטריא גלייך צום ווארט ס י נ י; ד. ה.: וואָס דער טאָ־טאַלער צאָל־ווערט איז אין ביידע ווערטער דער זעלבער, ווי עס איז צו זען פון פאָלגנדיקער אלגעברישער אפעראציע:

א. — ס = 60; ל = 30; ם = 40

סלם = 60 + 30 + 40

סלם = 130

ב. — ס = 60; י = 10; נ = 50; י = 10

סיני = 60 + 10 + 50 + 10

סיני = 130

ביידע צאלווערטן (פון דיווערטער ס ל ם און ס י נ י) זיינען גלייך צו דעם סכום: 130; און לויט דער באַקאנטער מאטעמאטישער טעאָרעמע אז, צוויי סכומים וואס זיינען גלייך צו א דריטן, זיינען אומבאַדינגט אויך גלייך צווישן זיך, פאָלגט אז —

ג. — סלם = סיני.

אינטערעסאנט איז אויך אן אנדערע מער קאָמפליצירטע גימטריא־אָפּעראציע וועלכע האָט אלס ציל צו דערקלערן פארוואס גאָט (יהוה) ווערט אין דער יידישער מסורה אָנגערופן אויך מקום (ארט, רוים).

אזוי דאָ ווי אין דעם פריערדיקן פאַל, האלטן די בעלי־קבלה אז עס איז ניט גענוג צו בארעכטיקן דעם נאָמען „מקום", די בלויזע פילאזאפישע באהויפטונג אַז דער ענדלאָזער רוים איז איינע פון די מערקווירדיקסטע געטלעכע אנטפלעקונגס־פאָרמען און זיי געפינען א מער זיכערן אָנלען אין דעם צופאַל וואס דער סכום פון די צווייט־מדרגה'דיקע פאָטענצן*) פון די אותיות־צאָלן וועלכע בילדן דאס ווארט „יהוה", איז גלייך צו דעם סכום פון די אותיות־צאָלן וועלכע בילדן דאס ווארט „מקום", ווי עס איז צו זען פון פאָלגנדיקער אלגעברישער אפּעראציע:

*) די צווייט־מדרגה'דיקע פאטענץ פון א צאָל, איז די זעלבע צאָל געכפל'ט אויף זיך אליין. די צווייט־מדרגה'דיקע פאָטענץ פון 5 איז 25, פון 6 — 36 אד"גל.

א. — י = 10; ה = 5; ו = 6; ה = 5

$5^2 + 6^2 + 5^2 + 10^2$

186 = 25 + 36 + 25 + 100

יהוה = 186

ב. — מ = 40; ק = 100; ו = 6; ם = 40

מקום = 40 + 100 + 6 + 40

מקום = 186

ביידע צאָלווערטן (פון די ווערטער יהוה און מקום) זיינען, אין די געגעבענע באדינגונגען, גלייך צו דעם סכום: 186; און לויט דער שוין דער־מאָנטער מאטעמאטישער טעאָרעמע, אז צוויי סכו־מים וואס זיינען גלייך צו א דריטן, זיינען אומבא־דינגט אויך גלייך צווישן זיך, פאָלגט אז —

ג. — יהוה = מקום.

די גימטריא־אפעראציעס זיינען באזירט אויף דער צאָל־ווערט פון די אותיות, ווייל אויך די צאָלן, און ניט נאר די בוכ־שטאַבן, פלעגט מען אין אלטע צייטן צושרייבן באשטימטע מיסטיש־ווירקנדיקע כוחות. ביי דער זייט פון דער אותיות־מיסטיק ווערט פון די בעלי־קבלה, אזוי ארום, אויך גענוצט די צאָלן־מיסטיק וואס איר באגרינדער איז געווען דער בארימטער גריכישער פילאָזאָף פונעם 6־טן יארהונדערט פ. ק. — פיטאגאָ־רעס, און פון וועלכער מיר געפינען נאָך ביזן היינטיקן טאג שפורן אין פארשידענע אבערגלויבנס וואס זיינען פארשפרייט צווישן פאָלק.

לויט אזעלכע אבערגלויבנס זיינען באשטימטע צאלן שלעכט־ווירקנדיקע און פאראורזאכן דעם שלים־מזל'דיקן גאנג פון די זאַכן מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אין באריר, און אנ־

דערע, ווי למשל ביי אידן די צאל 18 (חי), זיינען גוטווירקנדי־קע, און ברענגען גליק אין אלע פאַלן ווען עס ווערט זיי געגעבן א געלעגנהייט צו ווירקן.

## נוטריקון־אפעראציעס

די נוטריקון־אפעראציעס זיינען באזירט אויף דעם פרינ־ציפ, אז יעדעס ווארט קאן, אין פאל ווען נויטיק, באַטראַכט ווערן אלס צוזאמענגעצויגן פון אנדערע, דאס הייסט — גע־בילדעט פון די אנהייב־אותיות פון אנדערע ווערטער. די או־תיות פון א ווארט איבער וועלכן עס ווערט געמאכט א נוטרי־קון־אפעראציע זיינען, אזוי־ארום, שוין ניט מער קיין קלאַנג־צייכנס נאר ו ו אָ ר ט צ י י כ נ ס, זיינען ניט מער קיין סימנים פון קלאנגען, נאר סימנים פון ווערטער.

דאס וואָרט מ כ ב י, למשל, ווערט בנוטריקון געליי־ענט מ י כ מוך ב אלים י הוה (ווער פון די געטער איז גלייך צו דיר, יהוה;). געוויינלעך האט מען, לויט דער לעגענ־דע, צו פארדאנקען דער דאזיקער מיסטישער צוזאמענשטעלונג פון יהודה המכבי׳ס נאָמען, אלע נצחונות וואס ער האט אפגע־האַלטן איבער דעם פון אים פיל מעכטיקערן שונא.

## תמורה־אפעראציעס

די תמורה־אפעראציעס גיבן א מעגלעכקייט, אז געוויסע ווערטער זאלן ווערן געלייענט אנדערש־קלינגענדיק ווי געוויינ־לעך און, אזוי־ארום, באקומען א נייע באדייטונג. און דער קלאַנג פון די געגעבענע ווערטער ווערט געענדערט דורך דעם וואָס זייערע אותיות טוישן זיך מיט די פלעצער.

אזוי, למשל, ווען גאָט האָט באפוילן משה׳ן צו פירן די

בני-ישראל אין דעם צוגעזאָגטן לאנד האט ער דערביי צוגעגעבן: „הנה מ ל א כ י ילך לפניך", ד. ה. „איך וועל שיקן מיין מלאך וואס וועט איך ווייזן דעם וועג"; זאגט דער בעל-הטו־רים, אז דאָס מיינט מען דעם מלאך מ י כ א ל, ווייל טוישנ־דיק די פלעצער פון די אותיות וועלכע בילדן דאס ווארט מ ל א כ י, קומט ארויס דאס ווארט מ י כ א ל.

באזירט אויף דעם תמורה-פרינציפּ (אותיות-פּארטוי־שונג) זיינען די אזוי גערופענע געהיים-אלפאבעטן א"ת-ב"ש, א"ל-ב"ם, און אנדערע פון דעם מין, וואס זיינען גענוצט געווארן שוין אין די תנ"כישע און תלמודישע צייטן, און האָבן געדינט אלס שיפריר-אינסטרומענט פאר געוויסע אויפגעשרי־בענע געדאנקען און מיינונגען וואס האבן, צוליב דער אדער יענער סיבה, ניט געדארפט באקאנט זיין אין באַשטימטע קרייזן.

אין די ווערטער, זאצן אדער טעקסטן וואס זיינען געשריבן מיט די געהיים-אלפאבעטן, איז די אותיות-פּארטוישונג ניט קיין צופעליקע, נאר אונטערגעווארפן פארויס-אָנגענומענע אפּ־מאַכן און אפּהענגיק פון באַשטימטע סדר-געזעצן וואס זייער אויסגאנגס-פונקט איז תמיד דער טראדיציאָנעל-אויפגעהי־טענער און אומעטום אנערקענטער אלף-בית-סדר.

אינעם א"ת-ב"ש אלף-בית, למשל, ווערט דאס ערשטע אות פונעם אלף-בית (א) פארביטן אויפן לעצטן (ת), דאס צווייטע (ב) — אויפן פאָרלעצטן (ש), אא"וו.

לויט דעם א"ת-ב"ש סדר ווערט דאס ווארט ש ש ך (ירמיהו כ"ה, כ"ו; נ"א, מ"א) געלייענט: ב ב ל, און דאס ווארט ל ב ק מ י (ירמיהו נ"א, א) ווערט געלייענט: כ ש ד י ם.

# שליסל צו די אלף-בית'ן א"ת — ב"ש און א"ל — ב"ם

| סדר־צאל | די אותיות לויט דעם טראדיציאנעל־אויפגעהיטענעם סדר | די אנטשפרעכנדיקע אותיות אין דעם א"ת-ב"ש סדר |
|---|---|---|
| 1 | א | ת |
| 2 | ב | ש |
| 3 | ג | ר |
| 4 | ד | ק |
| 5 | ה | צ |
| 6 | ו | פ |
| 7 | ז | ע |
| 8 | ח | ס |
| 9 | ט | נ |
| 10 | י | מ |
| 11 | כ | ל |
| 12 | ל | כ |
| 13 | מ | י |
| 14 | נ | ט |
| 15 | ס | ח |
| 16 | ע | ז |
| 17 | פ | ו |
| 18 | צ | ה |
| 19 | ק | ד |
| 20 | ר | ג |
| 21 | ש | ב |
| 22 | ת | א |

| סדר־צאל | די אותיות לויט דעם טראדיציאנעל־אויפגעהיטענעם סדר | די אנטשפרעכנדיקע אותיות אין דעם א"ל-ב"ם סדר |
|---|---|---|
| 1 | א | ל |
| 2 | ב | מ |
| 3 | ג | נ |
| 4 | ד | ס |
| 5 | ה | ע |
| 6 | ו | פ |
| 7 | ז | צ |
| 8 | ח | ק |
| 9 | ט | ר |
| 10 | י | ש |
| 11 | כ | ת |
| 12 | ל | א |
| 13 | מ | ב |
| 14 | נ | ג |
| 15 | ס | ד |
| 16 | ע | ה |
| 17 | פ | ו |
| 18 | צ | ז |
| 19 | ק | ח |
| 20 | ר | ט |
| 21 | ש | י |
| 22 | ת | כ |

אין דעם א״ל־ב״ם־ אלף־בית ווערט דאס ערשטע אות (א) פארביטן אויפן צוועלפטן (ל); דאָס צווייטע (ב) אויפן דרייצנטן (מ), אאז״וו. לויט דעם דאָזיקן סדר ווערט דאס ווארט ב ן ־ ט ב א ל (ישעיהו ז, ו) געלייענט: ב ן ־ ר מ ל א וואס איז דאס זעלבע ווי בן־רמליהו.

## די צרוף־אפעראציעס

אין די צרוף־אפעראציעס ווערן די ווערטער איבער וועל־כע מען אפערירט אויסגעשטעלט אין באַשטימטע רייען, כדי צו דערמעגלעכן אז די אותיות פון וועלכע זיי זיינען געבילדעט זאלן קאָנען אויף פארשידענע אופנים קאָמבינירט ווערן, לויט דעם אדער יענעם צוועק וואס מען האָט זיך געשטעלט.

באזונדערס זיינען בארימט די „צרופי־שמות״. דאס זיי־נען די פארשידנארטיקסטע אפעראציעס וואס די בעלי־קבלה האבן געמאכט איבער א גרויסער צאל תנ״ך־ווערטער כדי פון זייערע אותיות אויסצובינדן די נעמען אונטער וועלכע גאט איז באקאנט אין דער יידישער מסורה.

אינטערעסאנט, אלס ביישפיל, איז אויך פאלגנדיקע צרוף־אָפעראציע וועלכע האָט אלס ציל צו דערווייזן דעם אמת פון דער תלמודישער לעגענדע, לויט וועלכער אברהם אבינו זאל האָבן איינגעפירט די מאָרגן־תפלה, יצחק אבינו — די מנחה־תפלה, און יעקב אבינו די אָוונט־תפלה:

| | | |
|---|---|---|
| בקר (מאָרגן) | צהרים (מיטאג, מנחה־צייט) | ערב (אָוונט) |
| אברהם — | יצחק — | יעקב |

אין דעם וואס די ערשטע אותיות פון די ווערטער בקר, צהרים און ערב, וועלכע באצייכענען די דריי תפלה־צייטן,

בילדן די צווייטע אותיות אין די נעמען פון די דריי אבות אברהם יצחק און יעקב, געפינען די בעלי קבלה א באשטעטיקונג פאר דער אויבנדערמאָנטער לעגענדע.

*

* *

די געוואגטע באהויפטונגען פון דער קבלה-לערע האָבן אפטמאָל אריבערגעטרעטן די גרענעץ-ליניע פונעם יידישן טראדיציע-קרייז. אזא פאקט איז עלול געווען צו באזייטיקן יעדע ווארשיינלעכקייט פון צוציען א גרעסערע צאל אָנהענגער. דערפאר טאקע האָבן די מקובלים זיך באמיט צו דערהאלטן זייער לערע אין די גרענעצן פון דער אידישער טראדיציע, אָנשפארנדיק יעדע באהויפטונג זייערע אינעם טעקסט פון תנ"ך.

כדי צו דערגרייכן דעם דאזיקן ציל האבן זיי געמוזט אָנקומען צו פארשידענע קינסטלעכע מיטלען, אויסנוצנדיק — ווי עס איז צו זען פון די אויבנגעבראכטע ביישפילן — דעם צאל-ווערט, דעם קלאנג-ווערט און דעם וואָרט-ווערט פון די העברעישע אותיות. אויסער דעם פלעגן זיי אויך, אין געוויסע פאלן, באטראכטן יעדעס אות באזונדער אלס א סימבאָל פון א באשטימטן פילאָזאָפיש-מיסטישן באגריף.

עס איז קלאר, אז אונטערן שטענדיקן דרוק וואס איז, מיט דער הילף פון די אלע שוין דערמאָנטע קינסטלעכע מיטלען, אויסגעאיבט געווארן אויפן תנ"ך-טעקסט, איז דער זעלבער פארוואנדלט געווארן אין אן עלאסטישן חומר וואס לאזט זיך באַ־הערשן, קנעטן און פורעמען. און אויף אזא אופן איז די בעלי־קבלה געלונגען אויסצוקנעטן א נייע אידייען-וועלט וועלכע איז דאָך ניט געווען אפגעריסן פון דער אלטער, ווייל ביידע

זיינען געקנאָטן פון דעם זעלבן שטאָף —ביידע זיינען געפּר־
רעמט פונעם תנ"כישן אותיות־כאָאָס.

מען מוז, אין דעם פאַל, מודה זיין, אז די קבלה־לערע איז
א קונסט־ווערק פון מענטשלעכן דענקען. די מקובלים אבער
באשטייען דערויף, אז די סודות'דיקע באהויפּטונגען פון זייער
לערע זיינען ניט קיין מח־פּראָדוקט, נאר א געטרייער אפּגלאנץ
פון די פנימיות'דיקע כוונות וואס זיינען פון קדמונים אָן פאר־
באָרגן אין דער תורה, און אנטפּלעקן זיך נאר צו די וואס האָבן
דערגרייכט א הויכע מדרגה פון דבקות מיט גאָט, צו די וואס
פארטיפן זיך מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט אין די
שורות פון הייליקן טעקסט.

"צו וואס איז די זאך געגליכן? — זאגט דער זוהר — צו
א ווונדער־שיינער פּרינצעסין וואס איז פארשלאָסן אין א פּא־
לאץ.

און א געליבטן האָט זי; ווייסט קיינער ניט פון זיין ליבע,
נאָר זי — די שיינע פּרינצעסין. גייט ער טאָג ווי נאכט ארום
דעם פּאלאץ און קוקט אויף אים מיט דורשטיקע בליקן, אפשר
וועט ער גליק האבן זיין געליבטע צו דערזען. וואס־זשע האָט
זי איינמאָל געטאָן?

אין דער וואנט פון פּאַלאץ האָט זי א קליינע עפענונג גע־
מאַכט און ווען איר ליבער איז דורכגעגאַנגען האָט זי דאָרט
אירע שיינע אויגן דערנענטערט, און גלייך זיי צוריקגעכאפּט.
קיינער פון די וואס זיינען אין דער רגע פארבייגעגאנגען
דעם פּאלאץ האָט גארניט באַמערקט, אבער דער געליבטער
האָט געזען די ווונדער־שיינע אויגן פון דער פּרינצעסין, ווייל
נאר זיינע בליקן, זיין הארץ און זיין נשמה זיינען צו איר גע־
ווען געווענדעט..."

*

ביז אהער האָב איך באהאנדלט די פארשידענע השערות וואס זיינען אין אלע צייטן ארויסגעזאגט געווארן וועגן דעם אָפּ־שטאַם, אנטוויקלונג און דורות'דיקן קיום פון העברעישן אלף־בית. אין די וייטערדיקע דריי קאפיטלעך וועל איך אלס ביי־שפּיל און לשם אילוסטראציע באהאנדלען די ערשטע דריי או־תיות פון העברעישן אלף בית אין ליכט פון די דערמאָנטע השערות, כדי נאך קלאָרער צו מאַכן אלץ וואס איז שוין ביז אַהער געזאָגט געווארן.



קאפיטל פינף

# דאס אות אלף

פארוואס פארנעמט עס דעם
אויבנאָן. — אָפּשטאַם פון זיין פיגור.
— סימבאלישע באדייטונג. —
לעקסישע עלעמענטן פון נאָמען. —
גראפישע עלעמענטן. — סיבה פון
זיין פילאלאגישער אייגנשאפט.



ינעם טראדיציאָנעל-אויפגעהיטענעם סדר פון די העברעישע אותיות פארנעמט דאס אות אלף דעם אויבנאָן. און דאס זעלבע אָרט פארנעמט אויך דער אנטשפרעכנדיקער צייכן a אין כמעט אלע באקאנטע אלפאבעטן. אזא פאקט לאָזט זיך גרינג דערקלערן מיט דער השערה, לויט וועלכער אלע קלאַנג-אלפאבעטן האָבן א געמיינזאמען אפשטאַם.

די לעגענדע, אָבער, געפינט אן אנדערע דערקלערונג פאר דעם דאזיקן אויסטערלישן פאַקט. דורכן מויל פון אונדזערע מקובלים דערציילט זי אונדז, אז ביים באקומען דאס בכבודיקסטע פלאַץ איז דעם אות אלף בייגעשטאַנען דער זכות פון זיין עניוות:

ווען גאָט האָט געוואָלט באשאפן די וועלט האבן אלע אותיות זיך גענומען ווייזן פאר אים לויטן תשר"ק-סדר (תיו צום ערשטן, דערנאָך שין, ריש, קוף, אא"וו). יעדעס אות האט אויסגערעכנט זיינע אייגענע מעלות און געטענהט אז מיט אים זאל דערפאר באשאפן ווערן די וועלט.

.... און דאס אות א ל ף — דערציילט די לעגענדע — איז געבליבן שטיין עניוות'דיק אויף זיין אָרט און זיך פאר דעם באשעפער ניט געוויזן. האָט

גאָט צו אים געזאגט — אלף, אלף! פארוואס האָס־טו זיך אויך פאר מיר ניט געוויזן, ווי אלע איבעריקע אותיות? האָט די אלף געענטפערט:

— האר פון די וועלטן! איך האב געזען אלע אותיות אומזיסט זיך ווארפן צו דיינע פיס, נאך וואס זשע זאל איך אויך געוועזן אזעלכעס טאן? און נאָך: איך האב געזען, אז דו האָסט שוין באַשאָנקען דאס אות ב מיט דער וואנדערלעכער סגולה פון באַשאַף (די וועלט איז באשאפן געווארן מיט דער ב פונעם ווארט ב ר א ש י ת) ; קאן דען דער האר צונעמען דאס וואס ער האָט שוין געגעבן איינעם פון זיינע דינער, כדי עס אוועקצוגעבן א צווייטן?

און דער בורא האט געענטפערט: — אלף, אלף! כאָטש מיט דער ב וועל איך באשאפן די וועלט וועסטו אבער זיין די ערשטע פון אלע אותיות...

*

און אין דער וואנדערלעכער זכיה מיט וועלכער דאס אות אלף איז באשאָנקען געווארן אלס שכר פאר זיין עניוות, זאלן אפשר שטעקן די ווארצלען פון דער סימבאָלישער באדייטונג וואס איז, אין משך פון די צייטן, צוגעגעבן געווארן דעם דאזיקן אות, ווי מיר וועלן ווייטער זען:

אין אלט־העברעיש און פעניקיש באדייט דאס ווארט אלף: א ר י נ ד. זיך שטיצנדיק דערויף באהויפטן די העברעישע פילאָלאָגן, אז דאס ערשטע אות פון אונדזער אלף־בית שטאַמט אפ פון א פרימיטיווער רינד־צייכענונג.

און די דאָזיקע השערה שטיצט זיך ניט נאר אויפן נאָמען פון אות, נאר אויך אויף דער ארכאַישער פיגור פונעם אות אלף, אין וועלכער עס איז זייער לײַכט צו אנטדעקן די שפורן פון א רינד־קאָפּ מיט הערנער.

די פאלגנדיקע צייכענונג וועט אילוסטרירן די ערשט דער־מאנטע באַהויפּטונג, און וועט גלײַכצײַטיק ווייזן די פארשי־דענע אנטוויקלונגס־שטופן וועלכע האבן דערמעגלעכט, אז פון דער רינד־פיגור זאל זיך אין משך פון דורות ארויסשיילן דער אונדז באקאנטער קלאַנג־צייכן אלף.




היפּאָטעטישע אנטוויקלונג פון אות אלף.

1. — דאס אורשפרינגלעכע בילד פונעם אות אלף.
2. — איבערגאנג צום ארכאישן כתב.
3. — דאס אות אלף אין אַלטן העברעישן כתב.
4 און 5. — איבערגאנג צום כתב אשורי.

לויט די סימבאליסטן איז דאס ערשטע אות פון אלף־בית ניט נאר א קלאַנג־צייכן נאר אויך א סימבאל פון א באשטימטן באַגריף — פון דער באשאף־סגולה, דורך וועלכער דאָס געט־לעכע אורזיין האָט זיך צום ערשטן אנטפלעקט.

און ווען זיי ווילן דערווייזן דעם אמת פון זייער דאזיקער

באהויפטונג געפינען זיי ניט קיין שטערונג אין אויבנ־דערמאָנטן היעראגליפן־אפשטאַם פון דער אלף. פארקערט, זיי געפינען אין דעם אן אנשפאר, ווייל אין אַלטערטום פלעגט די רינד־פיגור סימבאָליזירן די געטלעכקייט. אלס באווייז אין דעם פרט דינט דער גאָט אַפּיס, אין דער געשטאַלט פון א קאַלב, וועמען די מצרים האָבן געדינט, און דער עגל הזהב צו וועלכן עם האָבן געדינט די זין פון ישראל, לויט ווי עס ווערט דער־ציילט אין תנ״ך.

אן אנדייט אויף דער געטלעכער באַשאַף־סגולה וואס ווערט סימבאָליזירט אין דער רינד־פיגור, וויל דער שפאנישער אריענטאַליסט דע פעראלטא געפינען אויך אין וואָרט א ל ף — דער נאָמען פון אות, אין דער ציפער 1 — דער אריטמע־טישער ווערט פון אות, און אין וואָרט א ח ד — די העברעי־שע באצייכענונג פאר דער ציפער 1, אויף פאלגנדיקן אופן:

דאס ווארט אלף מיט וועלכן דאס אות ווערט באצייכנט, זאל זיין צוזאמנגעשטעלט פון די פרימיטיווע העברעישע שרשים: א ל — גאָט, און פּ (=פה) — מויל, און זאל אזוי ארום באדייטן: דאס געטלעכע אורוואָרט וואָס איז בכח געווען צו באַשאַפן דעם אוניווערס.

די צאָל 1, וואס דינט אין דער מיסטישער פילאָזאָפיע אלס סימבאָל פון דער סיבה ראשונה, ווערט באצייכנט מיט דעם העברעישן וואָרט א ח ד. און אין דעם דאזיקן ווארט, וואס באצייכנט אין דער געוויינטלעכער שפּראַך די צאל 1, וויל דער אויבנדערמאָנטער אריענטאליסט זען שיפרירט א טיפן פּני־מיות׳דיקן געדאנק באהויפטנדיק, אז עס איז צוזאמענגעשטעלט פונעם כאלדעישן עלעמענט ח ד (איינער) און פון א צוגע־שטעלטער אלף, וואס איז אין דעם פאל ניט קיין געוויינטלעך

אות, נאר א שיפרע פון דעם באגריף: א יי נ צ י ק ע ר. דאס ווארט אלס גאנצעס באדייט, אזוי ארום: דער איין־און־איינ־ציקער (גאָט), די העכסטע איין און איינציקע שעפערישע קראַפט.

די בעלי־קבלה, וועלכע גלויבן, אז די אותיות האבן עקזיס־טירט נאך פארן וועלט־באַשאַף, לייקענען אין דעם היעראגליפן אָפּשטאַם פונעם אות אלף, אנערקענען ניט, אז דאָס היינט אונדז־באקאנטע אות זאל אפשטאַמען פון א פרימיטיווער גראָב־געצייכנטער רינד־פיגור. אבער דאך אזוי, ווערט אפילו לויט זיי ניט געשעדיקט דער זין פון דער רינד־פיגור, אלס סימ־באָל פון א געטלעכער אנטפלעקונגס־פארם, ווייל זיי גלויבן, אז די פיגור פונעם אות אלף איז צוזאמענגעשטעלט פון די דריי גראפישע עלעמענטן ו, י, י, און איז אזוי ארום א גראפי־שע באצייכענונג פאר די געטלעכע אנטפלעקונגס־פארמען וואס ווערן סימבאָליזירט דורך דער זעקסטער (ו) און צענטער (י) ספירה.

עס איז לייכט צו באמערקן, אז לויט די פארשידענע הש־ערות וואס זיינען ביז אהער דערמאָנט געווארן, זאל דאס אות אלף האָבן געדינט אלס סימבאָל פון דער סיבה וואס דערמעג־לעכט דעם אָ נ ה יי ב און דעם א פ ש ט אַ ם פון זאכן. אויך לויט דער שוין ציטירטער לעגענדע פונעם זוהר זאל גאט האָבן געבענטשט דאס ערשטע אות און אים געזאָגט: — „דו וועסט זיין דער יסוד און דער אָנהייב פון אלעמען וואס וועט געשאפן ווערן אויף דער וועלט!”

און פון דער סימבאָלישער באדייטונג וואס איז אין אלטע צייטן צוגעגעבן געווארן דעם ערשטן אות פון אלף־בית, זאָל אפשר ארויסדרינגען די מעכטיקע פילאָלאָגישע איינגעשאפט

וואס דאס דאזיקע אות באזיצט: צוזוגעבן דעם באגריף פון שעפערישקייט, אויבערהערשאפט און אורזאך צו די אותיות אדער טראפן צו וועלכע עס ווערט צוגעשטעלט, אדער אין דעם ווארט פון וועלכן עס איז א טייל. אזוי, למשל, באדייט דאס ווארט אָב — האר (שעפער) פון א פאמיליע, ווייל דאס אות ב סימבאָליזירט א הויז אדער א פאמיליע:

א = האר, שעפער;

ב = הויז, פאמיליע;

אָ ב = האר (שעפער) פון א פאמיליע.

צום סוף איז ווערט צו דערמאָנען די באהויפטונג פון געוויסע פאָרשער, אז די אורשפרינגלעכע היעראָגליפן-פיגור פונעם אות אלף זאל געווען זיין אן אנטראָפאָמאָרפישע, ד"ה: זי זאל געווען פארשטעלן א מאן (הערשער) און ניט דעם קאפ פון א רינד. די דאזיקע השערה שטיצט זיך ווארשיינלעך דערויף, וואס מ'קאן זייער לייכט אידענטיפיצירן דאס העברעישע ווארט אלוף (האר, הערשער) מיטן נאָמען פונעם אות אלף.



קאפיטל זעקס

# דאס אות ב י ת

אפשטאם פון זיין פיגור. — סיבה פון זיין גראמאטישער פונקציע. — סימבאָלישע באדייטונג. — לעקסישע עלעמענטן פון נאָמען. — אריטמעטישער ווערט. — גראפישע עלעמענטן.

בית, דער נאָמען פון צווייטן אות אין אונדזער אלף־בית, באטייט א הויז. דאס גיט א יסוד צו גלויבן, אז די ארכאישע פיגור פון אות שטעלט פאר דעם סקעלעט פון א הויז אדער געצעלט. דאס הויז איז א קלאָרער סימבאָל פון א חלל־דיקן אָרט וואס קאן עפעס אנטהאלטן אין זיך; און פון דער האַזיקער אייגנשאפט וואס דאס אות בית באזיצט, צו סימבאָליזירן א הלל, זאל אפשר שטאַמען זיין פילאָלאָגיש־גראַמאַטישע פונקציע, אלס בינד־אות, אָנצודייטן דאס אָ ר ט, ווי דאס יידישע בינד־וואָרט א י ן (בארצי — אין מיין לאנד; בגני — אין מיין גאָרטן, אד"גל.)

די סימבאָליסטן זיינען קעגן דער השערה, אז דאס אורשפרינגלעכע בילד פון אות ב זאל געווען זיין א הויז. דער שפאנישער אריענטאליסט דע פעראַלטא באַהויפטעט, אז דאס ארכאישע אות בית שטעלט פאָר א זאמען־קערנדל וואס האלט אין שפראצן, און איז דעריבער א סימבאָל פון די פארבארגענע שאפונגס־כוחות וואס זיינען פאראן אין יעדן וועזן און רייסן זיך ארויסצושפראָצן, איבערצוגיין מכוח אל הפעל. און דעם דאָזיקן פילאָזאָפיש־מיסטישן באַגריף פרווט דער אויבנדערמאָנטער פאָרשער ארויסצוציען ניט נאר פון דער ארכאישער

פיגור פונעם אות, נאר אויך פון די ווערטער בית (נאָמען פון אות), און שנים (אריטמעטישער ווערט פון אות), אויף פאלגנ־דיקן אופן:

דאס ווארט ב י ת זאל אפשטאַמען פונעם כאַלדעישן צייטווארט ב ו ת (הויזן, נעכטיקן ביי עמעצן אין הויז), אדער פון דעם העברעישן צייטווארט ב נ ה (בויען, פורע־מען). די ביידע אופנים פון אפשטאַם לאזן זיך צופאסן צו די כללים פון דער העברעישער גראמאטיק וועגן אפשטאם פון




היפּאָטעטישע אנטוויקלונג פון אות בית.

1. — דאס אורשפרינגלעכע בילד פון אות בית (א הויז).

2. — איבערגאנג צום אלט־העברעישן כתב.

3. — דאס אות בית אין אלטן העברעישן כתב.

4. — איבערגאנג צום כתב אשורי.

ווערטער. דאס ווארט שנים, ווידער, קאן אפשטאַמען פון דעם העברעישן צייטווארט שנה (ענדערן, א נייע פארם געבן), פונקט ווי פון דעם צייטווארט ישן (דרימלען). עס איז לייכט צו באמערקן, אז די באדייטונגען פון די ווערטער ב י ת און ש נ י ם זיינען די זעלבע:

ביות (בות; בנה) — הויזן, ביי עמעצן אין הויז נעכטיקן; פורעמען.

שנים (ישן; שנה) — דרימלען; ענדערן, א נייע פארם געבן.

לויט דעם דאזיקן אופן פון אַנאַליזירן איז דאָס אות בית כולל פאָלגנדיקע באַגריפן וועלכע שיילן זיך אַרויס איינער פון אַנדערן:

דאס איינגעדרימלטע (בות, ישן) פורעמען (בנה, שנה);
די איינגעדרימלטע קראפט וואס איז בכוח צו פורעמען;
די שאפונגס־מעגלעכקייטן אין פאָטענץ.

אָט ווי אזוי ס'איז געלונגען צו דערוויזן, אז דאס אות בית איז ניט נאָר א פאָנעטישער צייכן, נאר אויך א סימבאָל פון דער פאָטענציעלער שאפונגס־קראפט וואָס איז פאַראַן אין יעדן וועזן און רייסט זיך צו אנטפלעקן, איבערצוגיין מכח אל הפעל.

לויט אייניקע בעלי־קבלה איז דאס אות בית צוזאמענגע־זעצט פון די גראפישע עלעמענטן "ד" און "ו" וועלכע בילדן דאס תלמודישע ווארט דו (צוויי). און דאס זאל באטייטן, אז אין אות בית זיינען פארבאָרגן סודות און רמזים וואָס האָבן א שייכות מיט דער צווייטער (דו) ספירה.



קאפיטל זיבן

# דאס אות גימל

אפשטאַם פון אות. — סימבאלישע באדייטונג. — לעקסישע עלעמענטן פון נאמען. — גראפישע עלעמענטן פון דער פיגור. — אריטמעטישער ווערט. — דער מיסטישער דרייעק.



ימל, דאס ווארט מיט וועלכן עס ווערט באַצייכנט דאס דריטע אות פון אלף־בית געפינט זיך ניט אין גאנץ תנ"ך. די העברעישע פילאָלאָגן גלויבן, אז עס האָט דעם זעלבן באטייט וואס ג מ ל (א קעמל), און דאס גיט זיי א יסוד צו באהויפטן, אז די ארכאישע פיגור פון אות גימל שטעלט פאָר דעם הויקער אדער נאַקן פון דאָזיקן בעל־חי, פונקט ווי די ארכאישע פיגור פונעם אות אלף שטעלט פאר דעם קאָפ פון א רינד.

די סימבאָליסטן, אבער, זיינען ניט איינשטימיק מיט דער השערה. זיי זוכן צו אנטדעקן די סימבאָלישע באדייטונג פון אות ג י מ ל, און דער שוין דערמאָנטער אָריענטאליסט דע פעראלטא מיינט, אז היות ווי דאס ווארט גימל איז ניט בנמצא אין העברעיש, זאל עס זיין קינסטלעך צוזאַמענגעשטעלט פון די העברעישע אורוואָרצלען ג י און מ ל;

אין דעם פרימיטיוון שרש ג י (אדער גו) איז איינגעבוירן דער גרונט־באַטייט: אָרגאַנישע אנטוויקלונג, אָרגאַניזם. (פון דעם שרש זאלן אפשטאַמען די העברעישע ווערטער גו — קערפער — אלס אינדיווידועלער ארגאניזם, און גוי — פאָלק — אלס סאָציאלער ארגאניזם).

דער צווייטער עלעמענט פונעם וואָרט גימל: — מ ל, זאָל

זיין א פארקירצטע פאָרם פונעם וואָרט מ ל א וואס באטייט: פולשטענדיק, פולקאָם.

אָננעמענדיק די דאזיקע השערה וועגן דעם באטייט פון די עלעמענטן ג י און מ ל, באצייכנט דאס וואָרט גימל דעם ארגאניזם אין זיין פולשטענדיק פונקציאָנירן, אדער קלאָרער: דעם ארגאניזם מיט זיינע אלע פונקציעס; און דאס זאל הייסן אז דאס אות ג איז א זין־בילד פון אָט דעם פילאָזאָפישן באַגריף.

דאס אות ג, ווי באוווסט, האָט אין העברעיש די אריטמע־טישע ווערט: 3, וואס ווערט באצייכנט מיטן וואָרט ש ל ש אדער ש ל ו ש. און דער זעלבער אָריענטאַליסט וואס האָט



היפּאָטעטישע אנטוויקלונג פון אות גימל.
1. — דאס אורשפרינגלעכע בילד פונעם אות גימל. (א קעמל).
2. — איבערגאנג צום אלט־העברעישן כתב.
3. — דאס אות גימל אין אַלטן העברעישן כתב.
4 און 5. — איבערגאנג צום כתב אשורי

צעגלידערט דאס אות גימל אויף די פרימיטיווע עלעמענטן ג י און מ ל, כדי מיט זייער הילף צו דערווייזן, אז אין אות ג איז שיפרירט דער פילאָזאָפישער באגריף וועגן פונקציאָנירנדיקן ארגאניזם, באמיט זיך צו באפעסטיקן זיין דערמאָנטע השערה,

באַהויפּטנדיק, אז דער זעלבער באַגריף איז אויך פאראַן אין וואָרט ש ל ו ש, אויף אַזאַ אופן:

דאס וואָרט ש ל ו ש איז צוזאַמענגעשטעלט פון די העברעיִשע אורוואָרצלען ש ל און ו ש (=יש). מיטן פרימי־טיוון שרש ש ל, וואס איז אַ נאך פרימיטיווערע פאָרם פונעם שרש ש ל ל, ווערט אין העברעיִש באַצייכנט: שווונג, ענער־גישע באַוועגונג, און מיטן פרימיטיוון שרש ו ש (=יש) ווערט אין דער זעלבער שפּראַך באַצייכנט יעדע זאַך וואס עקזיסטירט.

דאס וואָרט שלוש באַצייכנט אַזוי אַרום, די אַנטוויקלונג, דעם אויפשוונג פון די כוחות וואס זיינען איינגעבוירן אין די זאַכן וואס עקזיסטירן אין רוים, ד"ה: די לעבנס־דינאַמיק וואס איז פאַראַן אין די קערפּער און דריקט זיך אויס, הויפּטזעכלעך, אין זייערע פיזישע און כעמישע אייגנשאַפטן.

עס איז ווירקלעך ניט שווער צו געפינען דעם צוזאַמענ־האַנג וואס איז פאַראַן צווישן דעם באַגריף: „פונקציאָנירנדי־קער אָרגאַניזם", שיפּרירט אין וואָרט ג י מ ל און דעם באַ־גריף: "לעבנס־דינאַמיק פון די קערפּער וואס עקזיסטירן", שיפּ־רירט אין דעם וואָרט ש ל ו ש. די ביידע באַגריפן זיינען, אין גרונט גענומען איינער, און זיינען אַנטדעקט געוואָרן אַ דאַנק דער פילאָלאָגישער צעגלידערונג פון די ווערטער גימל און שלוש.

מען מוז אָנערקענען, אַז אין פלוג ווייזט די דאָזיקע צע־גלידערונג אויס צו זיין איבערמעסיק געקינסטלט, אָבער צוליב קלאָרקייט זאָל דאָ באַמערקט ווערן פאָלגנדעס: מען קאָן יאָ אָדער ניט איינשטימיק זיין מיט דעם געקינסטלטן רעזולטאַט צו וועלכן די סימבאָליסטן זיינען געקומען דורך דער דאָזיקער פילאָלאָגישער צעגלידערונג, אָבער מען קאָן זיך בשום אופן

ניט באציִען מיט ביטול צו דעם אופן פון צעגלידערן, וועלכער איז ניט סותר די כללים פון העברעישער פילאָלאָגיע, ווייל עס איז אָנגענומען פון אלע פילאָלאָגן, אז דער גרונט-באַטייט פון די ווערטער וואס בילדן די סעמיטישע שפראכן איז געבונדן מיט די אורוואָרצלען וועלכע זיינען צוזאמענגעשטעלט פון איינצלנע קאָנסאָנאַנטן.

לויט די בעלי-קבלה איז דאס אות „ג" צוזאמענגעשטעלט פון די גראפישע עלעמענטן „ז" און „ו" וועלכע סימבאָליזירן די פילאָזאָפיש-טעאָלאָגישע באַגריפן וואס זיינען פארבונדן מיט דער זעקסטער (ו) און זיבעטער (ז) ספירה. און עס זיינען פאַראַן קריסטלעכע סימבאָליסטן וואס זיך שטיצנדיק דערויף, און אויך אויף דעם וואס די צאָל-ווערט פון אות ג (3) דערמאָנט אין דרייעק פרווון זיי דערוייזן, אז אינעם אות גימל זיינען שיפרירט די זעלבע פילאָזאָפיש-טעאָלאָגישע באַגריפן, וואס אין דרייעק.

ווי באקאנט פלעגט די געאָמעטרישע דרייווינקלדיקע פיגור וואס איז אונדז באקאנט אונטערן נאָמען דרייעק, גענוצט ווערן שוין אין גאר אלטע צייטן, אלס גראפישע סכעמע פאר פארשיידענע פילאזאפישע השערות. ספעציעל פלעגט מען זיך צו דעם צוועק באנוצן מיטן גראד-ווינקלדיקן דרייעק, צוליב דער ספעציפיש-ווונדערלעכער אייגנשאפט וואס די דאזיקע פיגור באזיצט און וועלכע באשטייט אין דעם, וואס דער קוואדראט-צאל פון דער היפאָטענוזע*) איז גלייך צו דעם סכום פון די קוואדראט צאלן פון די איבעריקע צוויי זייטן.

*) די צאָל וואס באצייכנט די לענג פון דער זייט וועלכע געפינט זיך קעגנאיבער דעם גראדן ווינקל, געכפל'ט אויף זיך אליין.

קאַפּיטל אַכט

# אַזוי האָבן גערעדט די חכמי־התלמוד ...

די קריינדלעך פון די אותיות. — שטעלונג פון תלמוד צום הדש־מעטאר. — פאַרוואָס די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן מיטן אות בית. — די צוויי וועלטן. — קבלה און תלמוד. — "ארבעה שנכנסו לפרדס". — ישעיה און יחזקאל.

רב יהודה האט געזאגט אין נאָמען פון רב: — דערציילט די תלמודישע לעגענדע — ווען משה איז ארויף אויפן הימל באקומען די תורה, האָט ער דארט געטראָפן גאָט ברוך הוא זיצן און העפטן קריינדלעך אויף די או־תיות. האָט משה געפרעגט: — האר פון דער וועלט, נאָכוואס באצירסטו די אותיות מיט קריינדלעך, ווער בעט עס פון דיר? און גאָט ברוך הוא האט געענטפערט: אין הורות ארום וועט איפשטיין א מאן — עקיבא בן יוסף וועט זיין זיין נאָמען — און ער וועט אויף דעם דינסטן קריינדעלע פון אן אות אָנהענ־גען גאנצע בערג מיט הלכות (על כל קוץ וקוץ תילי תילים של הלכות). האָט משה זיך וויטער געבעטן: — האר פון דער וועלט, וויז מיר דעם מאן! האט גאָט ברוך הוא געזאָגט: קער אום דיינע אויגן! און ווען משה האָט אומגעקערט זיינע אויגן האָט ער דערזען ווי רבי עקיבא שטייט און דרשנט איבער די קריינדלעך אויף די אותיות פון דער תורה, און פאר אים זיצן שורות־וויז זיינע תלמידים. האָט משה זיך אוועקגעזעצט אין דער ניינצנטער שורה און אויך צוגעהערט, אבער גארניט פאר־שטאַנען. איז ער ביי זיך געפאלן פון גרוים צער, (וואס מען גייט אזוי וויט אוועק אין פארטייטשן די תורה). פלוצים,

אָבער, איז רבי עקיבא געקומען צו א שווערן פסוק און האָט אים גענומען דערקלערן. האָט זיך אויפגעשטעלט איינער פון די תלמידים און געפרעגט: רבי, פונוואנען נעמסטו די פּירו־שים? האָט אים רבי עקיבא געענטפערט: הלכה למשה מסיני! די הלכה איז געגעבן געווארן משה׳ן אויפן בארג סיני.

ערשט דאן איז משה רואיק געווארן און זיך אומגעקערט צום רבונו של עולם מיט א טענה: — האר פון דער וועלט, דו האָסט אזא מאן און גיסט נאָך די תורה דורך מיר? אבער גאָט, ברוך הוא האט אים געענטפערט: — שווייג, ווייל אזוי איז מיר געקומען אין מחשבה!

און משה האָט זיך ווייטער געבעטן: — רבונו של עולם, האָסט מיר געוויזן זיין תורה, ווייז מיר כאָטש אויך זיין שכר! האָט דער האר געענטפערט: — קוק הינטער זיך! און ווען משה האָט געקוקט הינטער זיך האט ער דערזען ווי רבי עקיבא׳ס פלייש ווערט געשניטן און געוויגן אין א יאַטקע*)

האָט משה פארדעקט זיינע אויגן מיט די הענט און אויס־געשריגן: — רבונו של עולם! דאס איז די תורה און דאס איז איר שכר? אבער גאָט ברוך הוא, האט אים געענטפערט: שווייג, אזוי איז מיר געקומען אין מחשבה!

אויסער אנדערע זאכן וואס האָבן ניט קיין שייכות צו אונדזער ארבעט, ווערן אין דער דאזיקער לעגענדע קלאָר אפּ־געשפּיגלט: דער שטרייט צווישן צוויי מיינונגען וואס האָבן

*) רבי עקיבא איז איינער פון די צען געלערנטע וואס זיינען באקאנט אונטערן נאָמען „עשרת הרוגי מלכות״, ווייל זיי זיינען אויף א מארטירערישן אופן אומגעקומען אין די הענט פון דער רוי־מישער מאכט.

אין יענער צייט עקזיסטירט וועגן דעם אופן פון דערקלערן די תורה, די ספקות וועגן דעם, וואס פלעגן פון צייט צו צייט בויערן אין מח פון די חכמי־התלמוד, און די פשרה צו וועל־כער מען איז געקומען, אז ביי דער זייט פונעם פשט־מעטאָד זיינען בארעכטיקט צו עקזיסטירן אויך דער דרש־ און רמז־מעטאָד וועלכע האבן זייער אנשפאר אין דעם זאַץ: הלכה למשה מסיני.

ביי דער זייט פונעם זאַץ: „אין מקרא יוצא מידי פשוטו" (קיין תנ"ך־זאץ טאר זיין ווארט־זין ניט פארלאָזן), געפינען מיר דערפאר אין תלמוד אויך דעם זאץ: „מ"ט פנים לתורה" (אויף ניין־און־פערציק פארשידענע דרכים קאן מען די תורה דערקלערן).

אלס רעזולטאַט פון דער דאָזיקער פאזיטיווער שטעלונג פון די חכמי התלמוד צום דרש־מעטאָד, געפינען מיר אין תל־מוד פיל דרש'ן ניט נאר איבער גאנצע זאצן פון דער תורה, נאָר אויך איבער איינצלנע אותיות, און אפילו איבער די קריינדלעך פון די אותיות. איך וועל דאָ ציטירן אייניקע פון זיי, כדי זיי שפעטער געהעריק צו קאָמענטירן.

## דאס אות בית

און ס'האָט געדרשנט ר' יונה אין נאָמען פון ר' לוי: מיטן אות בית (פונם ווארט בראשית) איז באשאפן געווארן די וועלט. פארוואס? כדי דיך צו לערנען, אז פונקט אזוי ווי דאס דאזיקע אות איז פארשלאָסן פון אלע זייטן, און אָפן נאָר פון איין זייט, אזוי איז דיר ניט דערלויבט צו פאָרשן וואס עס טוט זיך איבערן הימל וואס דיינע אויגן זעען, און וואס עס טוט זיך אונטער דער ערד אויף וועלכער דיינע פיס טרעטן, וואס עס

איז געווען איידער די וועלט איז באשאפן געווארן, און וואס עס וועט זיין ווען די וועלט וועט זיך ענדיקן; דו מעגסט נאר פארשן אנהויבנדיק פונעם וועלט באשאף אויף ווייטער.

א צווייטע סברה: פארוואס איז די וועלט באשאפן גע־ווארן מיטן אות ב? ווייל מיט דעם אות הייבט זיך אן דאס ווארט ב ר כ ה. און פארוואס ניט מיטן אות אלף? ווייל מיט דעם אות הייבט זיך אן דאס ווארט א ר י ר ה (קללה).

גאט ברוך הוא האט זיך געטראכט: איך וועל ניט באשאפן די וועלט מיטן אות אלף, כדי ניט צו געבן א פתחון פה די שטערבלעכע אז זיי זאלן זאגן:

"ווי קאן דען די וועלט א קיום האבן, אז זי איז באשאפן געווארן מיט א קללה?" איך וועל באשאפן די וועלט מיט א ברכה, אפשר וועט זי קאנען א קיום האבן.

## די קריינדלעך פונעם אות אלף

מען פרעגט דאס אות בית: ווער האט דיך באשאפן? ענט־פערט עס וויזנדיק מיטן אייבערשטן קריינדל: דער וואס וווינט אויבן. פרעגט מען עס ווייטער: און ווי איז זיין נאמען? ענטפערט עס ווייזנדיק מיטן הינטערשטן שטריכעלע (וואס איז געווענדעט כלפי דעם אות אלף וואס קומט פאר אים אינעם א"ב־סדר, און איז דאס ערשטע אות פון ווארט אדוני): גאט, דער וועלכער ווערט אנגערופן אדוני.

## די צוויי וועלטן

און עס האט געדרשנט רבי אבהו אין נאמען פון ר' יוחנן: מיט צוויי אותיות זיינען באשאפן געווארן צוויי וועלטן — די וועלט און יענע וועלט (עולם הזה און עולם הבא); איינע מיטן

אות הא און די צווייטע מיטן אות יוד. פונוואנען דרינגט מען עס? ווייל עס שטייט געשריבן (ישעיהו כ"ו ד); „כי ביה ה' צור עולמים" (לויטן דרש-טייטש: „ב י ה" — מיט די אותיות יוד און הא, „צור עולמים" — האָט גאט באשאפן די וועלטן);

און פונוואנען ווייסן מיר וועלכע פון זיי איז באשאַפן געוואָרן מיט דעם אות, און וועלכע מיט יענעם אות? פון דעם וואס עס שטייט געשריבן (בראשית ב, ד) "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם"; מיט בהבראם איז געמיינט: ב„הא" בראם — מיטן אות הא האט ער באשאפן דעם הימל און די ערד;

ווייסן מיר שוין פון איצטער, אז די וועלט איז באשאפן געוואָרן מיטן אות הא, און יענע וועלט מיטן אות יוד. אָבער וואס פאר א מיין שטעקט דערין? אָט וואסערער:

די וועלט איז באשאפן געוואָרן מיטן אות הא וואס איז אונטן אָפן, כדי מרמז צו זיין, אז דער גורל פון אלע באי עולם איז אראפצונידערן אין פינצטערן גרוב; דאס אייבערשטע קריינדל פונעם אות הא איז מרמז, אז וויבאַלד נאָר דער מענטש נידערט אראפ אין גרוב פליט שוין זיין נשמה ארויף צו די העכערע ספעֶרן. דאס וואס דאס אות הא איז אָפן פון אַלע זייטן איז מרמז, אז די טיר איז אפן פאר אלע שטערבלע־כע וואס זיינען חוזר בתשובה.

דאס וואס יענע וועלט איז באשאפן געוואָרן מיטן אות יוד, לערנט אונדז, אז פונקט אזוי ווי דאָס דאָזיקע אות איז קליין און איינגעבויגן אזוי דארפן אויך אַלע שטערבלעכע זיין ביי זיך קליין און איינגעבויגן (באשיידן).

ווען דוד המלך האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט האט ער

אָנגעהויבן זיינע לויב-מזמורים צו גאָט מיט די ראזיקע צוויי אותיות (יוד און הא): הללו „יה".

*

ווען מיר קוקן זיך איין אין די דרש-מעטאָדן וואס די בעלי-התלמוד האָבן אָנגעווענדעט אין די אויבנציטירטע לעגענדעס, געפינען מיר, אז די זעלבע מעטאָדן זיינען אפטמאָל גענוצט געווארן פיל שפעטער, אויך פון די בעלי-קבלה. ביי די ערשטע ביי די צווייטע האבן זיך געשטיצט מערסטנטייל, אויף דער אויטאָריטעט פון די אותיות.

דער צוועק איז אבער געווען פארשידן.

שוין אפגערעדט פון דעם, וואס די בעלי-קבלה האבן גע-האט זייער באזונדערס כאראקטעריסטישן אופן פון דערקלערן די תורה בדרך סוד, האָבן זיי אויך די איבעריקע אופנים פון דערקלערן אויסגענוצט מיטן איינציקן צוועק אויפצובויען זיי-ער מיסטישן סיסטעם פון נייע וועלטן און ווייטע ספערן אין וועלכע עס שוועבן ארום סודותדיקע פאלאצן, מיסטעריעזע היכלות.

די דרש'ן פון די בעלי-התלמוד, אבער, האבן געהאט ע ר ד י ש ע צוועקן, און ניט קיין הימלעשע.

אין דער זעלבער צייט ווען די הלכה-טייל פון תלמוד האָט געדינט אלס אייזערנע רייף ארומצוהאלטן אויסערלעך דעם יידישן קיום וואס האט זיך געהאלטן אין צעפאלן — אלס רע-זולטאט פון דער פאליטישער צעבראָכנקייט — האָט די אגדה אָדער דרש-טייל געהאָט אן אינערלעכן מאראליש-דערציערישן, מאָראליש-ליטערגדיקן און דערמונטערנדיקן צוועק.

יעדער זאץ, יעדער אות און יעדער תג פון די הייליקע

שריפטן איז אויסגענוצט געווארן פון די חכמי־התלמוד פאר דעם הייליקן ציל, ארויסצורופן ביי דעם צוהערער זיינע שענ־סטע נאציאנאלע און מענטשלעכע געפילן און זיין מוט וואס זאל אים דערמעגלעכן איבערצוטראגן די נאציאנאלע, אלגע־מיין־מענטשלעכע און אינדיווידועלע קאטאסטראפעס.

פאר אזא ריזיקן ציל זיינען נויטיק געווען ריזיקע מיט־לען וואס האבן געפאדערט איבערמענטשלעכע מח־אנשטרענ־גונג.

אין באלויכטן מיט אן ארעאל פון עניוות שיינט צו אונדז ארויס דאס קלוגע געזיכט פונעם תלמודישן דרשן — ווען מיר פארטראכטן זיך וועגן דעם דאזיקן פרט. אין שלאפלאזע נעכט פלעגט ער גראבן אין די טונקלסטע ווינקעלעך פון זיין מח און אין די פארבארגנסטע ווייטקייטן פון זיין נשמה כדי פון דארט ארויסצוקריגן א פאסיקן געדאנק, א קלוגן מוסר־השכל וואס זאל באפרידיקן די כלערליי באדערפענישן פון זיינע צוהערער; און אויפצומארגנס פלעגט ער קומען אין בית־המדרש און אנ־הענגען זיינע געניאלע איינפאלן אין דעם אדער אין יענעם פסוק, אין דעם אדער יענעם אות, אין דעם אדער אין יענעם תג.

דער דרשן וואס איז אין דער אמתן געווען אן אריגינעלער שעפער, האט אין זיין גרויסער עניוות, געשפילט די ראל פון א פשוטן באאבאכטער און איבערדערציילער, געשטעלט זיין אייגענע פערזאן אין שאטן, כדי עס זאל באלויכטן ווערן דאס געזיכט פון אזעלכע וואס ער האט געהאלטן פאר גרעסערע אויטאריטעטן פון זיך, און אין וועמען די צוהערער וואלטן גע־גלויבט גיכער ווי אין אים.

און די יידישע צוהערער האבן אין אלע צייטן געגלויבט

אין דער אויטאָריטעט פון אותיות, אין די הייליקע צייכנס מיט וועלכע עס איז געשריבן געוואָרן די תורה.

נאָך א גרויסן ציל, אויסער דעם מאראליש-דערציערישן, האָט געהאט דער דרשן: צוצופאַסן מיט דער הילף פון דרש, די פארעלטערטע געזעצן מיט וועלכע דאס פאלק איז געווען געבונדן, צו די נייערע באדערפענישן פון דער צייט.

כאראקטעריסטיש אין דעם פרט, איז פאלגנדער פאקט, וואס ווערט באשריבן אין תלמוד:

מען איז אמאל געקומען צו רב שמואל'ן און אים דער-ציילט, אז א גרופע חכמים האבן דיסקוטירט די פראגע פאר-וואס פקוח נפש איז דוחה שבת. דער האָט אנגעגעבן אזא טעם און יענער האָט אָנגעגעבן א צווייטן טעם. האָט רב שמואל גע-זאָגט:

— „ווען איך זאל געווען זיין דערביי וואלט איך אנגע-געבן מיין טעם וואס וואלט איבערגעשטיגן און כולל געווען זייערע אלע".

— וועלכן? — האָט מען אים געפרעגט.

— "וחי בהם" (ויקרא י"ח, ה) — עס שטייט געשריבן, אז די געזעצן זיינען געגעבן געוואָרן כדי דער מענטש זאל דורך זיי לעבן, אבער ניט כדי ער זאל דורך זיי שטאַרבן".

די נייע לעבנס-באדינגונגען האבן געפאָדערט נייע דער-קלערונגען פון די טראדיציאָנעלע געזעצן, און אפטמאל נייע תקנות וועלכע מען האָט מיט דער הילף פון דרש געמוזט ארויסקריגן פונעם תורה-טעקסט, כדי פאר זיי ארויסצורופן מער רעספעקטביים פאָלק.

דאס איז די סיבה פארוואס די בעלי-התלמוד האבן געהאט א

פאזיטיווע שטעלונג צו דעם דרש־ און רמז־מעטאָד, וועלכע זיי האָבן אזוי גע̇ניאל אויסגענוצט אויך כדי אויפצוהאלטן דאס פאלק אינעם קרייז פון ערדישן לעבן, ווייל אונטערן כסדרדיקן דרוק פון די רוימישע רדיפות וואס האבן זיך פארשטאַרקט אין דער תלמודישער צייט, האָבן א סך זיך פון דעם דאזיקן קרייז ארויסגעריסן, און זיך אוועקגעלאָזט זוכן די וועגן וואס פירן צו די מיסטישע הימלעשע קרייזן.

אלע וועגן פירן קיין רוים — זאגט דער קריסט; אלע וועגן האבן זייער אנהויב־פונקט אין דער תורה — זאגט דער איד. און אלס לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דעם פרינציפ וואס האט געהערשט אין יענער צייט, האָבן א סך אָנגעהויבן דערקלערן די תורה בדרך סוד, און א שטראָם פון מיסטיק האָט געדראָט צו פארפלייצן דאס ערדישע לעבן פון אידנטום.

קעגן דער דאזיקער סכנה האבן די בעלי־התלמוד גע־ווארנט דאס פאלק און געזוכט עס צו פארהיטן פון אריינפאלן אין דער וונדער־שיינער, בונטפארביקער נעץ פון מיסטיק.

זייער נעגאטיווע שטעלונג צו דעם דרך סוד, צו די מיס־טישע זוכענישן, האָט זיך אפגעשפיגלט אין א גרעסערער צאל דרש'ן, אדער אפילו גלאַט אין מימרות וואס זיינען ניט גע־בונדן מיטן תורה־טעקסט און זיינען צעשפרייט אין תלמוד.

אלס ביישפיל קאן דינען דער דרש וואס דערקלערט פאר־וואס די וועלט איז באַשאַפן געווארן מיטן אות בית, וועלכער איז שוין פריער ציטירט געווארן.

ווי א באזונדערס שארפע ווארנונג, אין דעם פרט, איז בא־רימט די תלמודישע לעגענדע פון די „ארבעה שנכנסו לפרדס”:

„פיר זיינען זיי אריינגעדרונגען אינעם פרדס: בן עזאי,

בן זומא, אחר און ר' עקיבא; איינער האט זיך איינגעקוקט און געשטאָרבן, איינער האָט זיך איינגעקוקט און געשעדיקט געוואָרן, איינער האָט זיך איינגעקוקט און אויסגעשניטן די פלאַנצונגען, און איינער איז אריין בשלום און ארויס בשלום".

לויט דעם נוטריקון־מעטאָד איז פרדס א מערקוואָרט פאר די פיר וועגן: פשט, רמז, דרש, סוד (ווארטלעכער, אָנדייטנדיקער, אלעגאָרישער און מיסטישער) וועלכע פירן צו דעם מיסטעריעזן אורקוואל פון וועלכן עס שטראָמט ארויס די תורה.

פילאָלאָגיש, אבער, שטאָמט דאס זעלבע ווארט פונעם גריכישן פאראַדיס (געטלעכער גאָרטן) און דינט, אין דער מדרש־ און קבלה ליטעראטור אלס סימבאָלישע באַצייכענונג פאר דער וועלט פון סתרי־תורה.

און אין דעם מיסטעריעזן פרדס פון סתרי־תורה — דערציילט דער תלמוד — זײנען ארײנגעדרונגען פיר גייסטיקע ריזן פונעם יידנטום, און אלע, מיטן אויסנאַם פון רבי עקיבא'ן, האבן געהאַט אַ טראגישן סוף.

בן־עזאי האָט זיך צו פיל פארטיפט אין די סתרי־תורה, אזוי לאַנג ביז וואנען דאס האט אים אַוועקגעפירט פון דער וועלט; בן־זומא האָט זיך פארטיפט און איז גייסטיק געשעדיקט געוואָרן (ער איז אראפ פון זינען); אחר האָט זיך פארטיפט און האָט אויסגעשניטן פלאַנצונגען פונעם געטלעכן גאָרטן (ער איז אַוועק פונעם טראדיציאָנעלן יידנטום), נאר דער הלכה־ריז רבי עקיבא איז געבליבן גייסטיק גאַנץ; ער איז אריין בשלום און ארויס בשלום.

ווי אַ הארבע ווארנונג קעגן מיסטיציזם קלינגט אויך די פאלגנדיקע מעשה פון תלמוד וועגן דעם שוין דערמאָנטן בן־זומא:

„רבי יהושע מיט זיינע תלמידים זיינען אמאל אװעק אויף א שפּאציר. אויפן װעג איז זיי אנטקעגנגעקומען בן־זומא װעל־כער איז פאַרבייגעגאַנגען און זיי ניט באַגריסט. האָט אים ר׳ יהושע אפּגעשטעלט און געפרעגט: — פונװאַנען קומסטו עס בן־זומא, און װוּהין גייסטו, װאָס האָסט פאַרגעסן אונדז אָפּצו־געבן שלום? האָט בן־זומא געענטפערט: איך בין געװען פאַר־טיפט אין די סודות פון מעשה־בראשית, רבי, — און איז אװעק. װען ער האָט זיך געהאַט א ביסל דערװײַטערט האט ר׳ יהושע געזאָגט צו זיינע תלמידים: בן־זומא געהערט שוין ניט מער צו דער װעלט. עס זיינען, נאָכדעם, קוים אװעק עטלעכע טעג, און בן־זומא איז נסתלק געװאָרן”.

פאַר דעם קאַמף קעגן מיסטיציזם װאָס די בעלי התלמוד האָבן געפירט איז אויך כאַראַקטעריסטיש זייער פיינטלעכע — כאָטש דרך־ארץ׳דיקע — באַציאונג צו דעם גרויסן גע־לערנטן אלישע־בן־אבויה, װעלכער איז גערופן געװאָרן אחר, ד. ה. „אַן אנדערער”, װייל ער האָט זיך — לויט דער שוין ציטירטער לעגענדע ”ארבעה שנכנסו לפרדס” — אװעקגעלאָזט אויף אנדערע װעגן, אויף די װעגן פון אריענטאַלן מיסטיציזם, און דאָס האָט אים דערפירט דערצו אז ער זאל װערן א כופר.

אפילו אזא גרויסע אויטאָריטעט װי דער נביא איז פון די חכמי־התלמוד, אין זייער קאַמף ניט געשױנט געװאָרן. דאָס איז צו זען פון פאָלגנדיקן ציטאַט אין װעלכן עס דריקט זיך אויס זייער סאַרקאַסטישע באַציאונג צו דער מיסטישער זעונג פונעם נביא יחזקאל װעגן דעם געטלעכן טראָן־װאָגן (מעשה מרכבה):

„רבא זאָגט: די געטלעכע זעונג װאָס יחזקאל האט געזען האט זיך דען פאַר ישעיה׳ן פיל מאל ניט אנטפּלעקט? (פאַר־

וואס־זשע האט זי דער ערשטער מיט אזא באוואונדערונג באַ־
שריבן און דער צווייטער ניט?) אבער צו וועמען איז יחזקאל
געגליכן? צו א בן־כפר וואס האט געזען דעם מלך; און צו וועַ־
מען איז ישעיה געגליכן? צו א בן־כרך וואס האט געזען דעם
מלך..."

*

פון אלע ציטאַטן וואס זיינען ביז אהער געבראכט געוואָרן
קאָן מען באַקומען א קלאָרן באגריף וועגן דעם צוועק וואָס די
בעלי־התלמוד האבן זיך געשטעלט ביים דרשנ'ען די תורה
און אירע אותיות.



קאפיטל ניין

# אויפן פריפעטשיק ברענט א פייערל...

ל"ו צדיקים און כ"ב אותיות. — מנעמאַטעכנישע דערקלערונג פון העברעישן א"ב. — סוף דבר.



אַראַן א לעגענדע וועגן ל״ו צדיקים וואס אין זייער זכות האָט די וועלט א קיום. זעקס און דרייסיק נסתרים וואנדערן אום אויף דער ערד, אין טויזנט געשטאַלטן, און זיינען מתקן די טעותים וואס גאט האט געמאכט, ווען ער האָט זיין ברכה פארטיילט צווישן די מענטשן —

ברויט ברענגען זיי דעם הונגעריקן, וואסער דעם דורשטיקן און רו דעם מידן;

טרייסט ברענגען זיי דעם אבל, פרייד דעם פארמרה־שחו־רה׳טן, און א קינד דער עקרה;

פייער צינדן זיי אן אין אויוון פון אן ארעמען, ליבשאפט אין הארץ פון א פיינט, און חרטה אין מח פון א זינדיקן.

פאראן א לעגענדע וועגן ל״ו צדיקים וואס מיט זייערע מעשים טובים שפארן זיי אונטער די וועלט; טוען זקנים די אייניקלעך דערציילן, און פאָטערס — זייערע קינדער.

אבער טעג וועלן קומען ווען א נייע לעגענדע וועט דער־ציילט ווערן: וועגן כ״ב אותיות וואס האבן אונטערגעשפארט דאס יידישע לעבן —

ברויט זיינען זיי געווען אין די טעג פון הונגער, וואסער אין די טעג פון דורשט, און רו אין די טעג פון מי;

א טרייסט זיינען זיי געווען דעם אבל, א מקלט דעם פאר־שטויסענעם זון, און א בריוועלע דער עלנטער מאַמען;
ל״ו צדיקים — כ״ב אותיות....

זעקס און דרייסיק זיילן שפארן אונטער די ג ר ו י ס ע וועלט, און צוויי און צוואנציק — דאס זעיר־אנפינ׳דיקע יידישע וועלטל...

האָט קיין דור אויף זיך ניט געוואלט נעמען דעם הטא, אז מען זאל שפעטער קאנען זאגן:
דורך אים איז געפאלן דאס יידישע וועלטל!״

דערפאר האָט יעדער דור אויף זיין פריפעטשיק א פייערל אָנגעצונדן און זיינע קינדער דעם אלף־בית מיט גרוים ליבע געלערנט.

אלס ביישפיל זאל דינען די תקופה פון תלמוד, ווען מען האָט מיט יידישע קינדער די הייליקע אותיות איינגעלערנט, אָט אזוי:

**אלף, בית** — אלף בינה (דערווערבן וויסן).

**גימל, דלת** — גמל דלים (טאָן גוטס ארעמעלייט).

פארוואס איז דאס פיסעלע פון אות גימל געווענדעט לגבי דעם אות דלת?

ווייל דער וואס טוט גוטס (גומל) דארף לויפן נאָך די ארעמעלייט (דלים).

און פארוואָס איז דאס פיסעלע פון אות דלת געווענדעט לגבי דעם אות גימל?

ווייל דער ארעמער דארף זיך קיין סך ניט



ל. סגל — אויפן פריפעטשיק ברענט א פייערל

לאָזן זוכן פון דעם וואס קומט אים העלפן, כדי ער זאל אים ניט מצער זיין.

און פארוואס איז דאָס פנים פון אות דלת אפגעווענדעט פון אות גימל?

ווייל דער וואס גיט צדקה, (גומל) דארף עס טאן בסתר, כדי ניט מביש צו זיין דעם ארעמאן (דל).

**הא, וו** — זיינען אותיות פונעם הייליקן נאָמען.

**זין, חית, טית, יוד, כף, למד** — אויב דו האנדלסט אזוי לגבי דעם ארעמאן, איז גאָט, ברוך הוא, דיך זן (ער נערט דיך) און חן (ער ווייזט דיר ארויס ליבע) און איז דיר מטיב, און גיט דיר א ירושה, און וועט דיך קריינען מיט א כתר אין עולם־הבא.

**מם פתוחה** (אן אפענע מם), **מם סתומה** (א פארמאכטע מם) — מאמר פתוח (אן אפענער זאץ), מאמר סתום (א פארשלאָסענער זאץ).

עס זיינען דא פארשטענדלעכע זאכן אין וועלכע דו מעגסט זיך פארטיפן, און עס זיינען דאָ זאכן (למשל, מעשה־מרכבה) וועלכע זיינען ניט פארשטענדלעך, און דו טאָרסט זיך אין זיי ניט פארטיפן.

**נון כפופה** (א געבויגענע נון), **נון פשוטה** (א גלייכע נון) — נאמן כפוף (א געבויגענער פרומער), נאמן פשוט (א גלייכער פרומער).

דער פרומער מאן וואס איז איינגעבויגן
(באשיידן) וועט שפעטער ווערן אויסגעגלייכט.
ער וועט באקומען זיין שכר און וועט שטאָלץ זיין.

סמך, עין — סמוך עניים (שטיץ די ארעמע), אדער לויט אן אנדער סברה: סימנין עשה (מאך דיר סימנים, מערק־ווערטער).

מאך דיר פארגעדענק־סימנים כדי זאָלסט
מיט זייער הילף קאָנען געדענקען דאס וואָס
האָסט געלערנט.

פא כפופה (א געבויגענע פא), פא פשוטה ( גלייכע פא) — פה פתוח (אן אפן מויל), פה סתום (א פארשלאָסן מויל).

אמאָל דארף מען עפענען דאס מויל און
רעדן, און אמאָל דארף מען עם האלטן פאר־
שלאָסן און שווייגן.

צדי כפופה (א געבויגענע צדי), צדי פשוטה (א גלייכע צדי) — צדיק כפוף (א געבויגענער ערלעכער), צדיק פשוט (א גלייכער ערלעכער).

דער צדיק וואס איז איינגעבויגן (באַ־
שיידן) וועט שפעטער ווערן אויסגעגלייכט. ער
וועט באקומען זיין שכר און שטאָלץ זיין.

קוף — קדוש (הייליקער גאָט).

ריש — רשע (שלעכטער).

פארוואס איז דאס פנים פון אות קוף ניט
געווענדעט צום פנים פונעם אות ריש?

ווייל גאָט, ברוך הוא, זאָגט: איך קאן דעם רשע ניט זען!

און פארוואס איז דער תג (דאס איי־בערשטע קריינדעלע) פון דעם אות קוף געווענ־דעט לגבי דעם אות ריש?

ווייל גאט, ברוך הוא, זאָגט: אויב דער רשע וועט חוזר בתשובה זיין וועט ער, אזוי ווי איך, געקריינט ווערן מיט א כתר.

און פארוואס איז דאס פּיסעלע פונעם אות קוף אפגעטיילט ווי אן אויפגעעפנט טירע־לע?

ווייל גאָט, ברוך הוא, זאגט: אויב דער רשע האט חרטה אויף זיינע מעשים, זאל ער אריינקומען אין מיין מחיצה. דאס קומט בא־שטעטיקן די ווערטער פון ריש־לקיש'ן: בא לטמא פותחין לו, בא לטהר מסייעין לו (דער מענש האט פאר זיך פריי סיי דעם גוטן, סיי דעם שלעכטן וועג).

**שין** — **ש**קר (דאס ערשטע אות פוןווארט שקר).

**תין** — אמ**ת** (דאס לעצטע אות פון ווארט אמת).

פארוואס איז דאס וואָרט ש ק ר געביל־דעט פון דריי אותיות וואס זיינען צוזאמען אי־נעם אלף־בית־סדר, און ס'איז גרינג זיי צו גע־פינען, און דאס ווארט א מ ת — פון דריי

אותיות וואס זיינען צעווארפן (א — ביים אנ־הויב, מ— אינמיטן, און ת — ביים סוף), און ס'איז שווער זיי צו געפינען?

ווייל דער שקר איז שכיח אין יעדן אָרט, און דער אמת איז זעלטן.

און פאַרוואָס האָבן די אותיות ק און ר פונעם וואָרט שקר נאָר איין פיסעלע יעדעס פון זיי, און די אותיות א און ת פונעם וואָרט אמת — צוויי פיסעלעך יעדעס פון זיי?

ווייל דער שקר שטייט אויף איין פוס און האָט קיין קיום ניט, אָבער דער אמת שטייט אויףביידע פיס און האָט אַ קיום.

*

*   *

אויפן פּריפּעטשיק פון דורות האָבן פייערלעך געברענט, און רבי'ס האָבן מיט קינדער דעם אלף־בית געלערנט. אַמאָל זיינען צייטן אַזעלכע געווען; אָבער זיי דערווייטערן זיך אַלץ מער און מער פון אונדזערע פאַרבענקטע ברעגן, און מיר זעען זיי שוין באַלד אינגאַנצן ניט אָן...

היינט זיינען פאַרלאָשן די פּריפּעטשיקעס, געשטאָרבן די רבי'ס, פאַרפלויגן די קינדער, אָן שכר פאַרטריבן די אותיות...

און אין בלוי־פאַרטראַכטע נעכט — דערציילן מענטשן — האָט מען מיסטעריעזע פליגל־סילועטן געזען אויף דער ערד. דאָס זיינען די אותיות וואָס מ'האָט פאַרטריבן, געפלויגן מאָ־נען זייער שכר — אין דעם וווּנדערלעכן לאַנד פון לעגענדע...

און הלואי זאל געשען, אז זיי זאלן אהין אָנקומען אין דער רעכטער צייט, און די טויערן זאלן פאַר זיי ברייט געעפנט ווערן.

און אָנגעגורט מיט גערעכטיקייט זאל דער מלך דאָרט זיצן אויף זיין טראָן, און אויסרופן:

— זאלן זיי אריינקומען די אותיות, וואס האבן אונטער־געשפּאַרט דאס צעבראָכענע יידישע וועלטל, זאלן זיי אריינקו־מען און נעמען זייער שכר!

הלואי זאל עס אזוי געשען...

הלואי זאל עס אזוי געשען אין דער גרויסער שעה פון שכר!...

ס ו ף



# אינהאלט

